מלכה קעלעריך

# צוריק צום לעבן

מינכן
1948

# איך געזעגן זיך מיט מיינע עלטערן

## I

אַ זומער טאָג איז עס געווען. אַ ווארימער, אַ טריקענער. מיט בליי אָנגעגאָסן זענען די הימלען געלעגן און געשטיקט און געוואָרגן. און מיר מענטשן האָבן זיך אין טויט פון אנגסט גע-וואָרפן, געלאָפן אָדער גאָר פארגליווערט ווי אַ שטיין געזעסן, געלעגן גלייכגילטיקע, אָפּגעשטאָרבענע. מיר האָבן שוין געוווסט — היינט מאָרגן גייט מען מיט אונז אַ סוף מאכן. קיינער האָט דאס נישט געזאָגט, נאָר יעדעס שטיינדעלע, יעדעס גרעזועלע האָט דאס געוווסט און זיך מיט אונז צום לעצטן מאָל געזעגנט. ווען וועט זיין דער סוף? פון וואָס פארא טויט וועט מען פאלן? פארפייניקן? לעבעדיקערהייט באַגראָבן?

דער מח האָט דאס נישט באַנומען. וואָס הייסט? מיט איינמאל אָפּווישן דאס לעבן פון טויזנטער, וואָס פילן און ליבן און וואָס ווילן אַזוי שטארק לעבן?

עס האָט אויסגעזען, אַז אלץ איז שוין פארפאלן, אַז עס איז שוין טאקע נישטא קיין רעטונג. מענטשן האלב משוגענע מיט ווילדע בליקן זענען געלאָפן, געפאלן, ווי בלינדע געשטופּט איינער דעם צווייטן. און ווידער שטיין געבליבן. מיין מוטער

פארשטיינערט איז נישט אָפּגעטרעטן פון מיר און פּלוצלינג האָט זי אנטשלאָסן אויסגערופן: „דאס קינד גייט היינט אוועק צו בילינאָווע נעכטיקן“.

דאס קינד בין איך געווען. דאן אן אויסגעצערטלטע, אויס־געפלעגטע 15 יאָריקע בת־יחידה. מיין פֿאָטער האָט אויפגע־הויבן די מרה־שחורה׳דיקע אויגן און געפרעגט: „און וואָס וועט זיין דאָרט? אָבער מיין מאמע האָט ווי נישט געהערט. „קודם דאס קינד פון דאנען אוועקשיקן. „דאס“ וועט זי נישט פאר־שפעטיקן“. און ווי צו זיך האָט זי שטיל צוגעגעבן: איך ווייס, אולי ירחם, אפשר וועט אַ נס געשען“. מיין מוטער איז געזעסן שטארק צוגעטוליעט צו מיר, מיטביידע הענט מיך פעסט גע־האלטן, ווי זי וואָלט מורא געהאט עמיצער זאָל קומען און מיך צונעמען.

די גאנצע צייט האָט זי מיט די הענט מיין קאָפּ געגלעט, די האָר געקעמט און ווען דער טאָג האָט גענומען פארשווינדן, האָט זי זיך פון מיר אָפּגעריסן און איז ארויסגעלאָפן. צו מיר איז צוגעגאַנגען מיין פֿאָטער, די האנט מיינע גענומען און צו זיינע ליפּן צוגעטראָגן. קינד מיינס, אויסגעבענקטער חלום אונ־זערער, אפשר איז דיר באַשערט צו בלייבן לעבן זאָלסטו ווייסן, אַז דו דארפסט נעמען פאר אונז נקמה.

מער האָט ער נישט גערעדט נאָר געקוקט גלייך, ווי ער וואָלט געוואָלט אויף אייביק מיינע שטריכן מיט זיך מיטנעמען. נישט לאנג האָט געדויערט און די מיר האָט זיך ווידער געעפנט און מיין מוטער איז צוריק ארייננעקומען און מיט איר אַן אלטע גויע אין אַ שאַל איינגעוויקלט. מיין מוטער איז גלייך צו מיר צוגעגאַנגען. אָט האָסטו זי בילינאָווע — האָט זי זיך צו דער אלטע גויע געווענדעט. געדענק, מיר גייען שטארבן

אָבער דו גלויבסט דאָך אין גאָט. גערענק, איך וועל פאר דיר כסדר גאָט בעטן. גערענק, גיב זי נישט אויס די מערדער. דו ביסט דאָך אויך אַ מאמע, בילינאווע, ראטעווע מיין קינד, ראַ־טעווע!

מיין מאמע האָט זיך אַראָפּגעבויגן און ארומגענומען בי־לאנאָוועס פּיס. די גויע איז געשטאַנען שטארק געריהרט און דערשראָקן. „הער אויף קאפּוליוווקא. איך בעט דיך. איך וועל אַלץ טון צו ראטעווען דיין קינד. בּיי יעזוסן שווער איך דיר". די גויע האָט זיך בּרייט איבּערגעצלמט. איך וועל זי דיר אויס־באַהאַלטן. זיי רואיק אומגליקלעכע. דאס זאָל דיין נשמה קיינ־מאָל נישט מאטערן. די גויע האָט מיט גרויס מיטלייד געקוקט אויף אונז. צו מיין מאמען האָט זי שוין גערעדט ווי צו אַ טויטן.

מיין מאמעס פּנים איז רואיקער געוואָרן. זי איז צוגעגאַנ־גען צו מיר און געשעפּטשעט: קינד מיינס, מיר וועלן זיך גע־זעגנען. גאָט וועט דיך פירן. זי האָט געקוקט אויף מיר, גע־פירט מיט די הענט איבער מיין פּנים, איבער דעם קאָפּ. דער־נאָך האָט זי גענומען מיינע האָר און אנגעהויבן פלעכטן. יעדעס הערעלע געקושט, יעדע פינגערל פון מיינע הענט, דאס פּנים, די אויגן. זי האָט מיך אלע מאָל אָפּגערוקט און ווידער אין מיר זיך איינגעקלאמערט. די אויגן זענען בּיי איר געווען טרוקן, נאָר דאס פּנים ווייס ווי בּיי אַ מת. מיין מאמע איז געשטאַנען דער־נעבן און געציטערט: „הער אויף טרים, איך בעט דיך, הער אויף".

צום לעצטן מאָל האָבן מיין מאמעס ליפּן שטיל געמורמלט: „גאָט וועט דיך פירן קינד מיינס. כסדר וועל איך מיט דיר זיין. מעג מען מיך אפילו מיט טויזנט טויטן הרגענען. כסדר

זאָלסטו בײַ מיר אַן עצה פֿרעגן. איך וועל שטענדיק זײַן נעבן דיר, איך וועל דיר אַלץ פֿאַרענטפֿערן. אירע הענט זענען קאַנ־וולסיוו איבער מײַן לײַב געלאָפֿן. „שוין צום לעצטן מאָל גיב מיר אַ קוש". איך האָב מײַן מוטער אַרומגעכאַפּט.

מאמע, מאמע, איך וויל נישט גיין!

איך האָב זיך ביטער צעוויינט. מיט אייך וויל איך זײַן האָב איך קוים אַרויסגערעדט. מײַן מאמע האָט זיך באַלד באַ־הערשט. נאַרעלע, אַוודאי וועסטו מיט אונדז זײַן. מאָרגן וועסטו צו אונדז צוריק קומען. ס'איז דאָך נאָר אויף איין נאַכט. יעצט גיי מיט בילינאַווע. ס'ווערט שפּעט, מאָרגן פֿרי קומסטו צוריק. מײַן מאמעס קול איז געוואָרן שטרענג באַפֿעלעריש.

נאָך אַ ווײַלע בין איך אַוועק מיט בילינאַוווען. אין דער פֿרי בין איך געקומען צוריק און געטראָפֿן מײַנע עלטערן אין נאָך אַ גרעסערער געדריקטער שטימונג. די שטיקענדיקע לופֿט, דער אַרומשוועבנדיקער טויט איז נאָך פֿילבאַרער געוואָרן. אין קיין שום שטעטל איז שוין קיין איין ייד נישט געווען, נאָר אין אונ־זער קליין שטעטעלע האָבן זיך נאָך אַרומגעבלאָנקעט פֿאַר־משפּטע צום טויט. אַרומגעבלאָנקעט און געוווּסט, אַז שוין באַלד, הײַנט... מאָרגן...

מענטשן זענען וואַנזיניק אַרומגעלאָפֿן, נאָר מײַן מאמע, איז דווקא געווען רואיקער. וואָס הייסט! נאָך אַ טאָג מיט איר קינד! אַ גאַנצן, גרויסן טאָג! אויף אַזאַ גליק האָט זי זיך שוין גאָרנישט גערעכנט. וואָס זאָגסטו ליפּע האָט זי זיך אַלע מאָל צו מײַן פֿאָטער געווענדעט. איר פּנים האָט געלויכטן. זי האָט מיך געוואַשן, געקעמפּט, אַלע מאָל עפּעס צוגעטראָגן. דאַן ווי־דער געגלעט און ווידער יעדעס האָרעלע געקושט. אָבער... ווי אַ חלום איז דער טאָג אַריבער און ווען בילינאָווע איז נאָך מיר

געקומען האָט זי אויפגעציטערט, מיין מאמע. גאָט, איך קען נישט! איך קען זיך מיט מיין קינד נישט שיידן! מיין מאמע די שטארקע, די באַוווּסטזיניקע האָט זיך אינגאנצן צוזאמענ־געבראָכן. איר פּנים איז פארענדערט געוואָרן. ווי משוגע האָט זי זיך אין מיר געקלאמערט און נישט אָפּגעלאָזט.

ניין, איך וויל נישט, איך גיב נישט אוועק מיין קינד. מער־דער, וואָס ווילט איר פון מיין קינד?! אירע אויגן זענען אינ־גאנצן פון די לעכער ארויס. אַ שטארקער שוויס האָט איר ארויסגעזעצט אויפן פּנים. די ליפּן מיט ווייסן שוים באַדעקט האָבן ארויסגעלאזט ווילדע הייזעריקע געשרייען. מיין פאָטער האָט זי מיט זיין גאנצן כח אוועקגעריסן. באלד האָט מיך בילי־נאווע ביי דער האנט אָנגענומען און מיר זענען ארויס.

אומקוקנדיק זיך האָב איך געזען ווי מיין מוטער רייסט זיך און דער פאָטער האלט זי פעסט צו. אָבער מיין מוטערס אויגן דאן, איר לעצטן בליק וועל איך קיינמאל נישט פארגעסן. דאס איז געווען דאס לעצטע בילד פון מיין טאטע מאמע. און ווידער האָט מיך בילינאווע שלאפן געלייגט. ווידער אַ נאכט, אַ ווארע־מע, אַ זומערדיקע, מיט שמעקעוודיקע לאָנקעס, מיט פרייד און גלוסט פאר איינע און טויט, גרויזאמען פיין פאר אנדערע. שטיל אין קישן האָב איך מיין וויינאַק אין טרערן אויסגעגאָסן און אַזוי וויינענדיק איינגעשלאָפן.

שטארקע קלעפּ אין טיר האָבן מיך אויפגעוועקט. דאס האָט מען טאקע ביי בילינאווען געקלאפּט. ביי איר האָט אַ יידי־שער דאָקטאָר געוווינט איז מען נאָך אים געקומען. מען האָט דעם דאקטאָר אוועקגענומען. איך בין געלעגן איינגעשרומפּן. דעם קאָפּ טיף אונטער דער דעק פארשטעקט. אָבער אויך פון אונטער

דער דעק האָבן זיך דערטראָגן אומטענטשלעכע געשרייען און געוויינען, קנאַלן פון ביקסן און אויטאָמאַטן.

איך האָב געוווסט — דאָרט, אונטער דער שטאָט ביים טייכל דערשיסט מען די יידן פון אונזער שטעטל. דאָרט צווישן אלע יידן דערשיסט מען מיינע טאטע מאמע. און אַ ווילדער, אומגעלומפּערטער חיה׳שער דראנג צו בלייבן לעבן האָט מיך ארומגעכאַפּט. איך וויל נישט שטארבן. איך וויל נישט שטארבן. איך וויל נישט מ׳זאָל מיך שיסן. איך וויל לעבן!

איך האָב זיך טיפער אַראָפּגערוקט אונטער דער דעק. איך האָב זיך געוואָלט אויסבאַהאַלטן פארן טויט. פּלוצלינג האָב איך דערפילט, אַז עמיצער דעקט מיך אויף. אינגאנצן באַדעקט מיט קאלטן שוויים האָב איך זיך קאָנוווּלסיוו אָנגעהויבן ווארפן. אָבער ווי דורך אַ נעפּל האָב איך דערהערט בילינאַוועס בארו־איקענדיק קול: דאס בין איך יתומה׳לע. האָב נישט מורא. איך בין מיט דיר. נאָר וואָס האָט מען דיינע עלטערן געשאָסן, אָרעם, אומגליקלעך קינד. יעצט האָסטו נעבעך קיינעם נישט אויף דער וועלט. „איך וועל דיך אויסבאהאלטן אַזוי ווי איך האָב דיין מא־מע ביי יעזוסן געשווירן. דיין מאמע וועט דאָרט פאר אונז גאָט בעטן. די וועלט איז זי שוין איבערגעקומען. איר נשמה איז שוין אויסגעלייטערט און זי גייט זיכער גלייך אין גן־עדן“.

די גויע האָט זיך געפּאָרעט און צו זיך אליין גערעדט.

און ביי מיר אין מח האָט זיך גאָרנישט אָפּגעשפּיגלט. עפּעס ווי אַ נעפּל האָט אלץ פארדעקט. איינס נאָר, איין געדאנק האָט מיך באהערשט. לעבן! אומבאַדינגט בלייבן לעבן. און מיט האַרץ־קלאַפּעריניש האָב איך נאָכגעפּאָלגט בילינאָוועס צוגריי־טונגען. „קום יתומה׳לע, אין שייער האָב איך פאר דיר אַן אָרט צוגעגרייט. דא האָב איך מורא, אפשר קומט מען זוכן“. איך

האָב איינגאַנצן געציטערט. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, בעטן: ראַטעווע מיך, באַהאַלט מיך אויס, איך האָב אַזוי מורא, אָבער פון מיין מויל זענען ווילדע קלאַנגען געפאַלן. און זי בילינאַווע, האָט מיך פאַרשטאַנען. זי האָט מיך אַרומגענומען. נאַרעלע, אָרעם יתומה׳לע. באַרואיק זיך, מיר וועלן אין שייער אַריבער־גיין. דאָרט האָב איך פאַר דיר אַ באַהעלטעניש געמאַכט. דער־נאָך וועל איך גיין צו מיינע באַקאַנטע. זיי וועלן קומען און דיך אין וואַלד אַריבערפירן. דאָרט זענען דאָ נאָך אַזעלכע אומגליק־לעכע ווי דו.

באַרואיק זיך מיין קינד, האָב נישט קיין מורא. איך וועל דיך שוין אַרויסראַטעווען. איך האָב זיך צו דער אַלטער גויע צוגעטוליעט, מיין פּנים אין איר איינגעגראָבן און שטיל מיט וויטאָק געוויינט.



## פארטאָג נאָך דער שחיטה

## II

אַלץ שטילער און שטילער איז געוואָרן אין דרויסן. איינצלנע קנאַלן פון ביקסן און רעוואָלווערן האָבן זיך נאָך ווו נישט ווו דערטראָגן. אָבער קיין געשריי און קיין געוויינען האָט מען שוין נישט געהערט. די נאַכט איז ברייט געלעגן אויסגעשפרייט, פאַדערנדיק צוריק רו און אָרדנונג.

די איבערגעריסענע שטילקייט האָט זיך פּאַמעלעך צוריק איינגעשטעלט. בילינאַווע איז צו מיר צוגעגאַנגען.

— קום יתומה'לה, שוין צייט! זי האָט אויף זיך אַ ברייטן מאַנטל אָנגעטאָן. מיך מיט אַ שוואַרצן טוך איבערדעקט און אין מאַנטל אַריינגענומען. איך האָב זיך צו איר צוגעטוליעט און מיר זיינען אַרויס. איך האָב די אויגן פאַרמאַכט געהאַלטן. איך האָב מורא געהאַט אויף גאַטס וועלט אַ קוק צו טון. נאָך צוויי מינוט זענען מיר שוין אין שייער געווען. בילינאַווע האָט מיך אויפגעדעקט. אַ שטאַרקער ריח פון היי האָט מיר דעם אָטעם פאַרכאַפּט. דער שייער איז געווען פון אויבן אַראָפּ פול מיט נאַר וואָס פריש געשניטן היי.

בילינאָווע האָט צוגעלייגט דעם פינגער צו די ליפּן: שאַ מען דאַרף זיין שטיל. זי האָט זיך מיט די הענט אין דעם היי גע־פּאָרעט, א לאך געמאכט און געהייסן מיך קריכן. איך בין אריינ־געקראָכן אין היי און אראָפּ אויף אַ באַהעלטעניש. פון אלע זייטן היי. נאר פון איין זייט די ברעטער פון שייער שיטער צונויפ־געשלאגן, אזוי, אז לופט און אביסל שיין האט געקענט אריין. אין א ווינקל איז געלעגן א דעק, עטלעכע שטיקלעך ברויט און א קענדל וואַסער. בילינאווע האט אריינגערוקט דעם קאפּ און שטיל קוים וואָס איך האָב געהערט מיר אָנגעזאָגט, אז זי וועט מיר עסן ברענגען, ווען זי וועט די כּודאבע אנהאדעווען, אדער די הי־נער עסן געבן. איך זאָל שוין ווייסן, אַז זי וועט צו די הינער רעדן מיינט זי מיך אויך.

דא דארף איך זיין א פּאר טעג. ס'וועט אביסל רואיקער ווערן וועט זי אוועקגיין אין דאָרף ברענגען אירע צוויי פריינט און זיי וועלן מיך שוין אין וואַלד אוועקפירן. דערווייל דארף איך ליגן רואיק און שטיל. באלד דערנאך איז זי פארשוווּנדן.

דאס לאך האָט זיך תיכף פארשטאפּט און מיר האט זיך אויסגעוויזן, אז מען האט מיך אין א וואנט איינגעמוירט פון וואנען איך וועל שוין נישט מער ארויס. און פּלוצלינג האט זיך דורך דעם שייער דורכגעריסן אַ שארפער, קוקורעקו. דאס האָט אַ האָן זיין פרייד אויסגעדריקט, באשר ער איז זיך גוט אויס־געשלאפן, א רואיקע נאכט געהאט און יעצט קומט ווידער א שיינער טאג. דאנקט ער דעם רבונו של עולם און רופט אלע הינער צום אויפשטיין. אָבער איך איבערגעשראָקן עלענד קינד האָב ווען דעם האָנס גליק נישט געוווּסט.

אויף מיין יונג לעבן האבן געלויערט געזונטע דייטשן, אוק־ראינער מיט פּולעמיאטן און ביקסן. און יעדער שאָרך האט מיך

אויף טויט געשראָקן. איך האָב זיך אָנגעהויבן קאָנוואולסיוו צו וואַרפן. איינגעגראָבן זיך אין היי, טיף פאַרשטעקט דעם קאָפּ און די אויגן פאַרמאַכט. אָבער לאַנג אַזוי ליגן האָב איך נישט געקענט, איך האָב פּאַמעלעך מיינע אויגן צוריק געעפנט און פון צווישן די שפּאַרעס דערזען אַ ליכטיקע בלויע שיין. אין דרויסן האָט ווייזט אויס אָנגעהויבן צו טאָגן. די ברעטער־וואַנט פון מיין באַהעלטעניש איז אַרויסגעגאַנגען אין אַ „קורניק". דאָס איז אַ ספּעציעל אָפּגעזונדערט אָרט פאַר הינער. איך האָב זיך אַביסל באַרואיקט. גיך האָט זיך אַ צווייטער האָן אָפּגערופן און דאַן אַ דריטער פערטער, פון אַלע הויפן, פון די אַרומיקע שטיבלעך האָבן זיך פריער פון אַלץ די הינער אויפגעכאַפּט. דערנאָך האָבן זיך די בהמות צומעקעט. עס איז געוואָרן אַלץ העלער און ליכטי־קער. שטיל באַשיידן האָט זיך די נאַכט אָפּגערוקט, אָפּטרעטנ־דיק דאָס אָרט דעם קומענדיקן טאָג.

האָט זי די נאַכט פאַרן אַוועקגיין דערציילט וואָס דאָ איז אַקאָרשט פאַרגעקומען? האָט זי געוויינט אויף דעם גורל פון די אומגליקלעכע. לעבעדיקערהייט באַגראָבענע? צו גאָר גלייכגילטיק איר טונקעלן שאָטן פון דעם פרישן קבר אַוועקגענומען און זיך איר וועג ווייטער געגאַנגען?

דער טאָג האָט צו ערשט קאַלט און מיט בטול זיינע שטראַלן צעשאָטן און באַלד מילד און פריידיק דעם פרישן, וויינענדיקן קבר, די בערג אַלערליי בגדים און די אַרום בראַפּנדיקע שכורים באַלויכטן. נאָר איין שטראַלעכל אַ קליינס האָט זיך אויף אַ שפּיץ פון אַ קינדער־שיכעלע אָפּגעשטעלט, זיך אַ ווײַלע דאָרט געשפּילט און אָפּגעגלאַנצט אין דער דערנעבנ־דיקער קאַלוזשע בלוט. און ווייזט אויס זיך דאָך פאַרשעמט, ווייל ס'איז אַוועק און געטראָפן פונקט אין אויג פון דעם נישט ווייט

שלאָפנדיקן מערדער. אָבער מיט אַ מיאוסן זלזול־וואָרט האָט דער מערדער דאָס שטראַלעכל אויסגעזידלט. ער האָט זיך איבער־געדרייט מיטן פּנים אַראָפּ און ווידער אָנגעהויבן כראָפּן. און דאָס שטראַלעכל צוזאַמען מיטן אָנקומענדיקן טאָג איז זיך ווייטער זיין וועג געגאַנגען.

אין שליחות זיינען זיי. אַ וועלט מיט אַרבעט. אַזוי פיל דאָ אויפצוטון. דאָ דאַרף מען אַ געפרווירן גרעזעלע אויפטוימערן און דאָ אַ פליגעלע פון דער נאַכט פינסטערניש נאָך אַ פּאָר־שלאָפנס אויפוועקן.

און עס שווייגט דאָס ערשט נישט לאַנג אָנגעשיטע בערגל. געווייגען און זיפצן הערט מען שוין נישט מער...

— — אין אַ קליין באַהעלטעניש טיף איינגעגראָבן אין היי בין איך מיר געלעגן מיט מיינע פופצן יאָר, פאַרטשאַדעט פון דעם שאַרפן ריח האָט זיך מיין קעפּל נידעריקער און נידעריקער אַראָפּגעלאָזט און נישט פאָלגנדיק די שליחות פון טאָג בין איך איינגעשלאָפן.

# אין שייער

## III

„אַ קיש, צוריק אין אייער היים. אַ קיש, גאָטס באַשעפע־נישן, שוין צייט שלאָפן צו גיין. געגנג זעגט איר זיך שוין אָנגעלאָפן און אָנגעארבעט. אָפּגעגעסן אייער אָוונט ברויט, יעצט גייט שלאָפן!" אַזוי האָט מיין רעטערין די אַלטע בילי־נאָווע די הינער צוריק אויף בייַנאַכט אין קורניק פּאַרטריבן.

איך האָב זיך נאָר וואָס אויפגעכאַפּט. צי האָט מיך טאַקע דאָס קול פון בילינאָווע אויפגעוועקט? די ערשטע מינוט בין איך געווען ווי צעטומלט.

ווו בין איך דאָ?

ווי קום איך אַהער?

אָבער גיך האָב איך זיך דערמאָנט און אַ קלעם האָט ארומגעכאַפּט מיין הארץ. וואָס וועט זיין?

— אקיש, אקיש — האָט זיך ווידער בילינאָוועס קול גע־הערט; „געזעץ, אַביסל זיך אין אלע עקן צעלאָפן און איך האָב נאָך קיין צייט נישט צו אייך. איך דארף נאָך צו ארכיפערן גיין און איר אַ וויזיט אָפּשטעקן און נאָך צו אַ פּאָר חברטעס. איך דארף אן הייליקע זאך אויספירן און איר דרייט מיר אַ קאָפּ!"

בילינאָווע האָט גערעדט צו די הינער, אָבער איך האָב גע־
ווּסט, אַז זי וויל מיר עפּעס זאָגן. איך האָב זיך צוגערוקט צו
דער וואַנט. אין גאָרטן האָט ארומגעטאַפּטשעט די אַלטע בי־
לינאָווע און פאַרטריבן די הינער אין קוריק. איך האָב אָנגע־
שפּיצט די אויערן. אַ יתומה׳לע שלאָפט אַ גאַנצן טאָג, האָט זי
שטיל געמורמלט.

מדאַרף ניט ביי טאָג שלאָפן — דערנאָך קען מען ביינאַכט
ניט שלאָפן!

און דאָרט שטייט עסן — האָט זי אָנגעוויזן מיטן פינגער.
מען דאַרף זיך אָננעמען מיט כוח.

„אַקיש נאָטס באַשעפּעניש! אַקיש! איך דאַרף באַלד אַוועק־
גיין. מאָרגן פרי קום איך ווידער צוריק, וועל איך אייך אַרויס־
לאָזן און עסן געבן. דערווייל האָט איר אויף היינט גענוג".

דאָס וואָרט „עסן" האָט אין מיר פּלוצלינג אָפּגעקלינגען
מיט אַזאַ שטאַרקן הונגער, אַז איך האָב זיך שנעל אומגע־
דרייט. אין ווינקל איז געלעגן דאָס ברויט פון פריער און עט־
לעכע קאַרטאָפל. דערנעבן אַ קענדעלע מילך.

איך האָב גיך אָנגעהויבן עסן. עסנדיק האָב איך געהערט
ווי בילינאָווע פאַרשפּאַרט דעם קוריק און ריידנדיק שטיל צו
זיך, גייט זי אַוועק. ווידער איז געוואָרן שטיל. אַביסל האָבן די
הינער נאָך גערודערט, פּאַטשענדיק מיט די פליגל און זוכנדיק
ערגעץ אויף די שטעקנס אַ באַקוועם אָרט צום שלאָפן. אָבער
גיך האָבן זיי זיך באַרואיקט.

אַרום איז געוואָרן אינגאַנצן שטיל. אין דרויסן האָט אָנ־
געהויבן ווערן אַלץ טונקעלער אויך ביי מיר אין באַהעלטעניש
איז פינסטערער געוואָרן, ווייזט אויס, ווידער די נאַכט אָנגע־

קומען. דעם גרויסן זומערדיקן טאָג האָב איך אַזוי אומבאַ־מערקט איבערגעשלאָפן.

איך האָב צוגעטוליעט דאָס פּנים צו די שפּארעס, אָבער אין דרויסן איז געוואָרן אַלץ פינסטערער. גיך זענען אויך פאַר־שוואונדן די באַזונדערע קאָנטורן פון די זאַכן אין הויף. און פּלוצ־לינג האָט מיך ארומגענומען א טיפער פּחד.

איך האָב אָנגעוועגדעט מיין אַלט מיטל — פאַרמאַכן די אויגן און איינטוליען דאָס פּנים אין היי, אָבער עס האָט זיך מיר גלייך אויסגעדאַכט, אַז עמיצער שטייט איבער מיר. איך האָב שנעל די אויגן געעפנט: פינסטערניש ארום, מ׳זעט שוין גאָרנישט. איך האָב זיך פעסטער איינגענאָרעט אין היי.

— אוי מאַמע טייערע, איך האָב אַזוי מורא!" און באַלד האָב איך בולט און אויסדריקלעך דערהערט מיין מאַמעס באַ־רואיקנדיק קול:

„קינד! פאַר וועמען האָסטו מורא? איך בין דאָך מיט דיר, רוק זיך נעענטער צו מיר צו... אָט אַזוי. איך וועל דיך ארומנעמען ווי אַמאָל, ווען דו ביסט נאָך אַ קליינינקע געווען, איך וועל דיר זינגען: לאַליענקע מיין קינדעלע, לאַליענקע מיין קליינס! מיר האָבן אָנגעוווירן אַזאַ לעבן, אַ לעבן אַזאַ שיינס!

— „מאַמע! ביסטו ניט געשטאָרבן? האָט מען דיך ניט געשאָסן?" — האָב איך ציטערנדיק געפרעגט.

— יאָ, קינד, געשטאָרבן, אָבער נישט פאַר דיר. אַ מאַמע איז אויך נאָך דעם טויט אַ מאַמע פאַר איר קינד. געדענקסט, כ׳האָב דיר געזאָגט, כסדר וועל איך זיין מיט דיר. אַלץ זאָלסטו ביי מיר פרעגן. איך וועל דיר תמיד ענטפערן. און יעצט שלאָף ווידער איין, דו ביסט דאָך אַזוי מיד, אַזוי שטאַרק מיד און איך

וועל דיר זינגען: לאַליענקע מיין קינדעלע, לאַליענקע מיין קליינס,
מיר האָבן אָנגעוווירן אַזאַ לעבן. א לעבן אַזאַ שיינס...

ווען איך האָב די אויגן געעפנט, איז געשטאַנען אַ גרויסער טאָג. און ווען בילינאַווע האָט דעם קאָפּ אַריינגעשטעקט און מיר אַן ווערטער עסן אַוועקגעלייגט, האָב איך צו איר גע־שמייכלט. זי האָט צופרידן מיך אָנגעקוקט און אויף די פינגער געוויזן 2. איך האָב פאַרשטאַנען: נאָך 2 טעג דאַרף איך דאָ זיין. איך האָב מיטן קאָפּ געשאָקלט, אַז איך פאַרשטיי. בילינאַווע איז פאַרשוווּנדן.

נאָך 2 טעג און 2 נעכט בין איך אין מיין באַהעלטעניש געלעגן. אויפן דריטן טאָג אין דערפרי האָב איך דערזען אין הויף בילינאַווע מיט נאָך צוויי יונגע גויעס. זיי זיינען צו־געגאַנגען נאָענט צום קורניק. כלומרשט זען די הינער, זיי האָבן גערעדט וועגן די הינער, אָבער איך האָב געוווּסט, אַז דאָס רעדט מען וועגן מיר.

— אָט זעסטו דאָרט, דאָס איז אַ יתומה'לע — האָט בי־לינאַווע דער יונגערער גויע אויף אַ הינדל אָנגעוויזן.

— אָט די וועל איך דיר אַוועקגעבן. ביי דיר וועט איר בעסער זיין. דאַ בעולען איר די הינער.

די יונגע גויע האָט איינשטימיק געענטפערט:

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז נאָר די היינטיקע נאַכט. מאָרגן וועל איך זי מיטנעמען. ביי מיר וועט איר גוט זיין.

זיי זיינען אַוועק צוריק אין שטוב.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז נאָר די היינטיקע נאַכט. מאָרגן הייבט זיך פאַר מיר אָן א ניי לעבן. ביי וועמען?

ווי וועט דאָס נייע לעבן אויספאַלן?

די נאַכט, די דריטע בין איך אין דערוואַרטונג איבערגע־

זעסן. איך האָב געוווסט: אַ ליאדע מינוט דארף מען נאָך מיר קומען. און כאקע אין איינער אַזאַ מינוט האָב איך געפילט, אַז עמיצער פאָרעט זיך ביים היי. איך האָב דערהערט ביליִ נאָוועם קול:

דאס בין איך, יתומה׳לע, שטיל, קריך דאָ.

זי האָט מיך אָנגענומען ביי דער האנט און געהאָלפן ארויסִ קריכן. איך בין ארויס, אָבער פון זיצן אויף איין אָרט און פון שרעק האָב איך זיך קוים אויף די פיס געהאלטן. מיט דעם איינענעם טוך און מאנטל, ווי מיט 3 טעג צוריק האָט מיך בילינאווע אין שטוב געבראכט. די צוויי גויעס זיינען אויף אַ באַנק געזעסן. קיינער האָט גאָרנישט געזאָגט. שווייגנדיק האָט מען מיך גענומען אין וועג אויסריכטן:

פריער פון אַלץ מיט גרויעם ליים מיר די פיס און די הענט אויסגעשמירט, זיי זאָלן ניט ווייס זיין. עפּעס אַ פויערישע „ספודניצע" מיט אַ יאקע אָנגעטון. מיינע האָר האָבן זיי אינִ גאנצן פארנומען אונטער אַ רויט טיכל. דאס פּנים אויך אַביסל אויסגעשמירט, אין מויל אונטער דער אויבערשטער ליפּ האָט מען מיר ארייגעלייגט ארבעס, כדי דאס פנים זאָל זיך פארִ ענדערן. אויף דער האנט אָנגעהאָנגען אַ קוישל און דארט אַ שטיקל ברויט, אביסל זאַלץ און אַ שטיקל קעז. ווען עס איז געוואָרן ליכטיקער, האָבן זיך די גויעס אויפגעהויבן.

— „הער, יתומה׳לע, זאָלסט געדענקען" — האָבן זיי זיך צו מיר געווענדעט.

— „מיר קענען דיך נישט און ווייסן פון דיר נישט. איינע פון אונז גייט פאָרויס און ווייזט דעם וועג, די צווייטע גייט נאָך דיר. האלט זיך רואיק, קוק זיך נישט ארום און גיי מיר נאָך. ריידן זאָלסטו גאָרנישט, נישט מיט מיר, נישט מיט

קיינעם. און קוק אין די זייטן. אַז עמיצער וועט דיר אנטקעגן קומען, הייב אָן כלומרשט זוכן בײַ דיר אין קוישל. יעצט קום!"

אַלע דריי גויעם האָבן זיך איבערגעצלמט און איך בין צו צו בילינאַווען. איך האָב איר געוואָלט דאַנקען. אָבער די אַלטע האָט מיך נישט צוגעלאָזט.

— „גיי, יתומה'לע, מדאַרף נישט. איך טו נאָר דאָס, וואָס איך האָב דײַן מאַמען געשוווירן, בײַ יעזוסן געשוווירן."

זי האָט זיך ברייט איבערגעצלמט און די טיר געעפנט. מיר זענען אַרויס. פריער איז אַרויס איין גויע, אַביסל שפּעטער איך און דערנאָך די צווייטע. איך האָב זיך נישט אומגעקוקט.



# איך גײ אַרום פֿון מײַן שטעטעלע

## IV

שטילע, האַלב פֿאַרשטאָרבענע גאַסן פֿון מײַן קלײן שטעטעלע זענען מיר אַנטקעגן געקומען. מײַן טײַער קלײן שטעטעלע, װוּ איך בין געבוירן געוואָרן! װי ליב האָב איך עס געהאַט! װוּ יעדער שטײן, יעדע שטיקל ערד, יעדעס הויז איז מיר אַזױ נאָענט, געווען אַזױ טײַער. איך גײ און דערקען. אָט איז מײַן מומעס שטוב. אָפֿענע טירן, פֿענצטער אויפֿגעריסענע, שױבן אויסגעבראָכענע, צעבראָכענע שטיקלעך מעבל... און שוין פֿאַריבער.. מײַן חברטעס רחל'ס שטוב. אָבער װאָס ליגט דאָס דאָרט אויפֿן שװעל פֿון דער אָפֿענער טיר? אוי, אַ קינד אַ קלײנס! איך קום נענטער און גײ אַריבער. נישט קײן קינד, דאָס איז אונזער ליבלינג, די ליאַלקע „אירענקע", מיט װעלכער מיר פֿלעגן זיך אַזױ גערן שפּילן! דאַכט זיך ערשט אַזױ נישט לאַנג צוריק. שוין גרויסע מײדלעך, פֿלעגן מיר זיך פֿאַרמאַכן, קײנער זאָל נישט זען. מ'האָט אונדז אויסגעלאַכט: גרויסע מײדלעך און שפּילן נאָך מיט אַ ליאַלקע. װײַטער... שוין „אירענקע"פֿאַרשװוּנדן. און ... די שולע, מײַן שולע, װוּ איך האָב אַזױ לאַנג געלערנט. מײַן שולע, מײַנע לערער! אָט דאָס פֿענצטער איז פֿון לערער-צימער און דאָס... שוין פֿאַריבער.

מיר גייען ווייטער. און פלוצלונג — אונזער שטוב! מיין טאטע מאַמעס שטוב, מיין שטוב. איך הויב אויף די אויגן און קוק זיך אַרום. אָט איז דער גאַנעק. דאָ פלעגט כסדר מיין מאַמע שטיין, ווען איך פלעג אַוועקגיין און מיך אָפּוואַרטן, ווען איך פלעג קומען. גאָטעניו טאטע, מאַמע! וווּ זענט איר? ווּהין גיי איך? איך ווייס נישט. איך קוק. אוי, שטיבעלע מיינס! טייערע מיינס!

עפּעס אַ פרוי קומט מיר אנטקעגן. איך לאָז שנעל אַראָפּ די אויגן און הויב אָן זוכן ביי מיר אין קויש. איך גיי שנעל פאַריבער, שוין נישטאָ מיין שטוב. „פאַרשאַלטן זאָלסטו ווערן אויף אייביק" — זאָג איך נאָך דער פרוי, צוליב וועלכער איך האָב געמוזט מיינע אויגן אַראָפּלאָזן. אפילו נאָך אַ קוק אויף מיין שטוב האָט מען מיר נישט געלאָזט. אפשר מער, ווי אַ האַלבע מינוט ביי מיר אַוועקגערויבט און איך האָב אַזוי געוואָלט זען. דאָרט, דורך דער אָפענער טיר, פלעגט מען קענען זען, אנטקעגן, אויף דער וואַנט, הענגען אַ בילד פון מיין טאטע-מאַמע. אין מיין האַרץ צינדט זיך אָן אַ ווילדער צאָרן, צוערשט אויף דער פרוי, דערנאָך אויף אַלע אַרום „איך וועל נאָך אייך נישט בענקען!" — שרייט עמיצער אין מיר — „איך וועל זיך מיט אייך נישט געזעגענען, און צו אייך מער נישט צוריק קומען. פאַרשאָלטן זאָלט איר זיין אַלע, אַלע, וואָס האָט פון מיר אַ חיה געמאַכט, וואָס איר האָט מיין היים חרוב געמאַכט, מיינע טייערע אומגעבראַכט! „איך פיל טריט הינטער מיר. איך האָב מורא זיך אומצוקוקן. אָבער די צווייטע גויע יאָגט מיך איבער „גיי נישט אַזוי שנעל, וואָס לויפסטו! רעדט גאָרנישט!" זי שטעלט זיך אָפּ פאַרבינדן דעם שוך און איך גיי פאַמעלעך ווייטער. נאָך אַביסעלע, אַ קליין ביסעלע און מיר וועלן שוין זיין אונטערן שטאָט. זאָל איך פרייער אָפּעטעמען? אוי גאָט? אַ וועלדל! דאָס וועלדל,

ווּ מען האָט אַלע דערשאָסן! מיינע עלטערן, מיינע מומעס און פעטערס.

אָבער די ווירקלעכקייט, די געפאַר, וואָס דראָט מיר נאָך, דערוועקט בײַ מיר אַן אומהיימלעכן שרעק. צי גיי איך נישט פּאַמעלעך? אפשר גאָר צוּ גיך?

דאָרטן... דאָרט, נישט ווײַט, וואַלגערן זיך זאַכן און אַ בערגל דערנעבן, אַ פרישׂ אָנגעשאָטענער. און דאַכט זיך, אַז מענטשן דרייען זיך דאָרט. מיינע פיס הויבן אָן צוּ ציטערן. די קני בייגן זיך מיר אַרונטער ווי פון אַ שווערער לאַסט. נאָך אַ מינוט און איך פאַל. און ווידער דערהער איך הינטער מיינע פּלייצעס דער גויע'ס קול: „וואָס גייסטו אַזוי פּאַמעלעך! גיכער גיי, זעסט נישט, ווי יענע איז שוין אַוועק?" און טאַקע. מײַן ערשטע באַגלייטעריןן איז שוין ווײַט אַוועק פון מיר. און איך שטרענג אָן, ווי מיר דאַכט זיך, מיינע לעצטע כּחות, איך הויב אָן גיין, שנעלער, האַסטיקער. און שוין איז אַלץ פאַרבײַ. דאָס וועלדל, דער פרישער קבֿר, אין וועלכן מיט אַלע צוזאַמען זיינען אויך מיינע עלטערן באַגראָבן...

— — —

אַ ברייטער, שטויביקער שליאַך קוממט מיר אַנטקעגן. פון ביידע זייטן פעלדער מיט פּאַרטיקע, גרייט צום שניידן, געבוי־גענע זאַנגען. פאַרשפּעטיקט דער שניט היי יאָר. פיל אַרבעט האָבן זיי געהאַט, די פּויערים אַרום. מ'האָט באַדאַרפט אין די אַרומיקע שטעטלעך פּאָרן, יידיש האָב און גוטס צונויפנעמען. אַלץ שטייט אָפן, אַלץ הפקר, נאָר גיי און נעם. איז ווי זאָל מען נאָך פעלד אַרבעט אין זינען האָבן? האָט ער פאַרשפּעטיקט דער

שגיט, היי יאָר. און טיף אַנגעבויגן ליגן די זאַנגען און פאַר־
שטייען גיט וואָס איז געשען.

מיין ערשטע גויע פארקערעוועט אין אַ שמאָל שטעגעלע
צווישן די זאנגען. איך גיי איר נאָך. שטיל ארום, אַקעגן אַ וואַ־
רעמע ליכטיקע זון, שווין אינגאנצן פון באַהעלטעניש ארוים.
פון צווישן די זאנגען לאכן פריילעך און שטיפעריש רויטע
קעפּלעך פון „פעלד־מאן". דערנעבן א סך בלויע, צעעפנטע בלי־
מעלעך „וואסילקי" ווי מיר פלעגן זיי רופן. אַזוי פיל, מאַמעניו!
ווי איך פלעג דאס ליב האָבן פון די פעלד־בלימעלעך קרענצלעך
צו פלעכטן!

פלוצלינג פארקערעוועט מיין ערשטע גויע גלייך אין קאָרן.
זי גייט צווישן די זאנגען, טרעט אויף זיי און אויף דעם רויטן
מאק, און אויף די „וואסילקעלעך". איך גיי פארזיכטיק נאָך.
ווייטער און טיפער. שוין זעט מען גאָרנישט. נישט קיין שליאך,
נישט קיין שטוב, נאָר זאנגען און זאנגען ארום. מיין באַגלייַ־
טערין שטעלט זיך אָפּ. איך גיי צו. „אָט דאָ גיי אריין צווישן די
זאנגען. זיץ שטיל און וואַרט. אַז ס'וועט ווערן פינסטער וועל
איך צו דיר קומען. עסן האָסטו אין קוישל. איך זעץ זיך גע־
האָרכזאם אנידער. די גויע גייט ארוים פון קאָרן און הויבט
אויף נאָך זיך די זאנגען. פון דערווייטנס זעט מען נאָך דעם
קאָפּ, דערנאָך שוין נאָר אַ שפּיץ פון איר רויט טיכל, נאָך
אַ מינוט און זי פארשווינדט אינגאנצן. איך בלייב אליין. ווידער
אליין, דאס מאָל אין טיפן קאָרן.

האָב איך זיך פארטראכט דעמאָלט, וואָס וועט מיט מיר
ווייטער זיין? וויפיל פּיין און לייד עס שטייט מיר נאָך פאָר?
איך געדענק נישט. איינס נאָר געדענק איך. אַ אומפארשטענד־
לעך, חיה'ש געפיל פון וועלן בלייבן לעבן. אַ געפיל, וואָס

האָט פארטויבט און דערשטיקט דעם גרויםן ווייטאָק פון פאר־
לירן נאָר וואָס מיינע טייערע און געליבםטע. אַ געפיל, וואָס
איז געווען שטארקער פון דער גרויסער שרעק פון בלייבן אליין.
פשוט אַ ווילן, גישט קיין ווילן, נאָר אַ דראנג, אן אומבאשרייב־
לעכע שטרעבונג צו איין זאך, צו בלייבן לעבן. דאס האָב איך גע־
פילט, און דער איינער געדאנק האָט מיך געפירט און גע־
שטארקט אין ברוטאלן קאמף פארן לעבן.



# גיטעלע

ווען זיי זענען צו אונז אין לאגער געקומען, האָט אפילו קיינער נישט געוווּסט. גלייך מיט אונז צו שפּעטער — קיין גרויסע פאראינטערעסירונג האָט איינער דעם אנדערן נישט ארויס־געוויזן. אויך די פארחושכטע אויסגעדארטע מאמע מיט איר קינד האָבן קיינעם נישט אינטערעסירט, ובפרט, אַז מען האָט זיי קיינ־מאל נישט געהערט. טיף פארוקט אין א ווינקל פלעגן זיי כסדר זיצן ארומגענומען, שווייגן, אדער שטיל עפּעס צווישן זיך רעדן. קיינמאָל האָט מען נישט געזען די קליינע גיטעלע לאַכן, שטיפן, און אויך נישט וויינען.

וויפיל איז זי אלט געווען? 5 יאר. אזוי האט די מוטער איינ־מאל געזאגט. אבער די קליינע האט אויסגעזען אסך עלטער. לאנ־גע דינע פיסעלעך, א בלאס ערנסט פנים און גרויסע שווארצע אויגן, אזעלכע שווארצע און אזעלכע גרויסע, אז עס פלעגט זיך דאכטן, אז דאס גאַנצע פנים פאַרנעמען זיי, די אויגן. און עפּעס אַ שאטן וואַרפן זיי אן אויף דעם גאַנצן פנימל.

ווי האט זיך איר איינגעגעבן דאס קינד אויסצובאהאלטן דער אויסגעדארטער מאַמע? קיינער האָט נישט געוווּסט.

מ'האָט נאר געוווסט, דאָרט אין ווינקל ווו אַלע שמאַטעס פון לאַגער זענען אַנגעוואָרפן געלעגן — אַ אַר־בעטס לאַגער איז דאס געווען, אַ שמוציקער און אַ נאַסער. זומער און ווינטער האָט אַלץ געשימלט און געפוילט. דאָרט אין ווינקל, צווישן די שמאַטעס, פלעגט זי אויסבאַהאַלטן די מאַמע איר גימעלע בעת אַ רעוויזיע. שטיל פלעגט דאָס קינד שעה'ן־לאַנג אונטער די שמאַטעס ליגן, ביז די מוטער פלעגט זי קומען אַרויסנעמען, אין די אָרעמס איינקלאַמערן און שטיל סודותדיק עפּעס דערציילן. זייענדיק נישט ווייט פון זיי, אָבער נישט שטאַרק פאַראינטערעסירט, פלעג איך דאָך כאַפּן ווערטער פון דער מוטערס שטילע דערציילונגען. און געווען זענען דאָס ווערטער פון אַ צויבער מעשה'לע, פון עפּעס אַ הויז אַ ליכטיקס, און אַ וואַרעמס, פון אַ קינדער צימער אַ ווייס מיט אַ בעטעלע מיט פאָרהענגלעך באַ־פוצט און מיט אַ ליאַלקע אַ גרויסע מיט לאַנגע בלאָנדע צעפּ און בלויע אויגן און, אַז מ'האָט איר אַ דרוק געטון, דער ליאַלקע, פלעגט זי זאָגן „מאַמאַ". „געדענקסט טאַכטערקע?" — פלעגט די מוטער שטיל פרעגן איבערבויגנדיק זיך איבערן קינד. דאָס קינד האָט שאָקלנדיק מיטן קאָפּ אַז ווערטער באַשטעטיקט. איינ־מאָל האָב איך געהערט, ווי דאָס קינד האָט געבעטן:

„מאַמע, דערצייל פון דער קליינער ליאַלקע „מערעלע", מיט דעם אויסגעבראָכענעם הענטעלע".

די מוטער האָט שטיל אָנגעהויבן דערציילן:

„מערעלע איז איינמאָל פון אַ פענסטער אַרויסגעפאַלן און האָט דאָס הענטעלע צעבראָכן".

„האָט זי געוויינט, מאַמע?" — האָט דאָס קינד איבערגעריסן „האָט מען דעמאָלט נאָך געמעגט וויינען?" דער מוטערס קאָפּ

האָט זיך נידעריקער אַראָפּגעלאָזט. „יאָ, קינד“, האָט זי שטיל געפּליסטערט.

„און, אַז מיר וועלן קומען אַהיים, וועל איך אויך מעגן ווייי נען?“

„יא קינד, יא טייערס, אָבער דו ועסט בעסער לאַכן. הויך, הויך לאַכן“.

דאס קינד האָט זיך פאַרקלערט: „גיין מאַמע, לאכן וויל איך נישט, אָבער וויינען וויל איך שטאַרק. אַז דו גייסט אַוועק, אָדער, אַז איך דאַרף לאַנג ליגן אונטער די שמאַטעס און וואַרטן ביז דו וועסט קומען מיך אַרויסנעמען. מאַמע! היינט קענען מיר נאך נישט אַוועקגיין פון דאַנען?“.

„ניין, ליבלינג מיינס, נאך אַ ביסעלע דאַרפן מיר דא זיין. אבער איך וועל דיר בעסער דערציילן פון דעם פּאַפּא, און פון אונזער שטוב און פון דיין שיינער ליאלקע מיט די בלאָנדע צעפּ און דו וועסט דערווייל אַביסעלע שלאָפן“. דאס קינד האָט מיד צוגעשאָקלט: „מאַמע, דאַרף איך יעצט אויך שלאפן? איך בין אַזוי הונגעריק!“

„טאָכטערקע מיינע, אוצר'ל מיינס, נאך אַ קליין ביסעלע וועט שוין זיין ביינאַכט, וועלן מיר איבערשלאפן און מאָרגן פרי גיב איך דיר קאַווע און ברויט. אַ גרויס שטיק ברויט, אַזאַ גרויס“.

די מוטער האָט ברייט צענומען די הענט. אַ לייכט שמייכעלע ווי אַ דין פּאַסיקל האָט באַרירט די בלאסע ליפּעלעך פון קינד און באַלד פאַרשווונדן געוואָרן. מאַכטלאָז האָבן אירע אויגן זיך צוגעמאַכט, אָבער אין אַ מינוט צוריק געעפנט.

„מאַמע, היינט בין איך געווען אַ גוטע, יא? און נעכטן אויך, פארוואָס זשע גייען מיר נישט אַהיים? האָסט דאך געזאָגט, אַז אויב איך וועל זיין אַ גוט קינד, וועלן מיר צום פּאַפּא גיין“.

„אוודאי וועלן מיר גיין", — אין דער מוטערס קול האָט זיך געהערט שרעק און פאַרצווייפלונג, „אָבער דערווייל מוזט דו אַביסל איינשלאָפן. איך וועל דיר שטיל אין אויערל אַ מעשה׳לע דערציילן און דו וועסט שלאָפן, שלאָפן".

שטיל, שטיל, קוים וואָס מ׳האָט געהערט האָט די מוטער אין אויערל דעם קינד געשעפּטשעט. שעה׳ן לאַנג, אַמאָל אַ גאַנצע נאַכט, פלעגט זי אַזוי זיצן טיף איינגעבויגן, פעסט איינקלאַמערנ־דיק זיך אין דעם איינגעשלאָפענעם קינד.

אין אַ פרימאָרגן איז דאָס געווען, אַ ווינטער, אַ קאַלטער. אַ דראָבנער רעגן האָט נאָגענדיק אַז אויפהער געגאָסן און געגאָסן. פינסטער איז געווען אַרום, פינסטער אויפן האַרצן. און „זיי" זיינען געקומען. מיט בייטשן און שטעקנס, מערדעריש געשלאָגן און אַלע פון דעם פינסטערן באַראַק אַרויסגעטריבן. אַ סעלעקציע, „רעכטס, לינקס". און אויך איך בין אַריין צווישן די פאַרמשפּטע. אין אַ לאַנגער קאַמער, אַ פּאַדוואַל צו אַ קעלער האָט מען אונז אַלע פאַרטריבן. די געשרייען און געוואַלטן וואָלטן דאַכט זיך געקענט דאָס הימל שפּאַלטן און צו גאָט דערגרייכן. אָבער דער הימל האָט זיך נישט געשפּאַלטן און צו גאָט האָבן די געשרייען נישט דערגרייכט.

נאָכן אָפּזיצן אַ 6 שעה האָט מען אונז ווידער מיט בייטשן און שטעקנס, פון פּאַדוואַל אַרויסגעטריבן און טאַקע אין דעם לאַגער־הויז אויפן ערשטן שטאָק אַרויפגעטריבן. דאָרט האָבן מיר באַדאַרפט זיין ביז אין דער פרי.

געגוי, האָט געוויינלעך קיינער נישט געוווּסט, אָבער אַזוי האָט מען צווישן זיך גערעדט. און דאָ האָב איך זי דערזען, גי־טעלעס מאַמע. האַרט ביים פענסטער איז זי געשטאַנען, אַ פּאָר

ווילדע משוגענע אויגן האָבן געקוקט אַרום. מיט די הענט האָט זי זיך עפּעס ביים פענסטער געפּאָרעט.

„העלף מיר“, האָט זי זיך צו מיר באַפעלעריש געווענדעט. „איך האָב דאַרט מיין קינד געלאָזן, איך מוז צוריק“.

שנעל בין איך צום פענסטער צוגעגאַנגען. „איך וועל דאס פענסטער אויפרייסן און אַרויסשפּרינגען. אויב דו ווילסט, קענסטו אויך נאָך מיר“. איך האָב איינגעשטימט.

לאַנג האָט זי זיך געפּאָרעט, געגריבלט. מיט די נעגל טשוועקעס אויסגעדלובעט. פון אירע הענט איז בלוט גערונען, אָבער זי האָט גארנישט געזען, געהערט. איך בין געשטאַנען דערנעבן און איר פארשטעלט. און פּלוצלינג האָט דאס פענסטער נאָכגעלאָזט און זיך אַ פּראַל אויפגעגעבן. אין איין מינוט האָט עפּעס אַ פינקל געגעבן פאַר מיינע אויגן און זי איז אַרויסגעשפּרונגען. ווי מיט דער קראַפט פון אַ מאַגנעט בין איך אַרויס נאָך איר. ס'האָבן זיך דערהערט געשרייען, קנאלן פון ביקסן. עמיצער האָט דאכט זיך אַ קרעכץ געטון, נים וויט פון מיר. אָבער איך האָב זיך נישט אומגעקוקט. איך בין געקראָכן ווייטער, ווייטער אַוועק פון פענסטער, אין די נאַסע קוטשעס זיך פאַרגראָבן. ווז איך בין, האָב איך נישט געוווּסט. שטארק פינסטער איז געווען. אַ דראָבנער רעגנדל, אַ געדיכטס, געטריבן פון ווינד האָט זיך עקשנותדיק אַריינגעריסן אין אַלע פאַרבאָרגענע ערטער פון מיין לייב.

פּלוצלינג האָב איך דערהערט ווי הינט בילן. מ'זוכט אונז איך האָב שנעלער אנגעהויבן קריכן און פּלוצלינג זיך דערזען האַרט נעבן אונזער לאַטרינע. אויף דער ראַנד פון גרוב, האָב איך זיך קוים פארהאלטן. איך בין אויפגעשפּרונגען און נישט קלערנדיק לאַנג האָב איך זיך געלאָזט לויפן צוריק אין באַראַק. איך בין

צו צו מיין ווינקל און זיך איינגעגראָבן אין די שמאַטעס. קיינער האָט גאָרנישט באַמערקט. נישט מיין אָפּוועזנהייט נישט מיין קומען. אייניקע זענען נאָך געשלאָפן. די אַנדערע האָבן ווייסט אויס געמיינט, אַז איך בין אַרויס צוליב אַ פּיזיש באַדערפעניש. בכלל האָט די גאַנצע זאַך קיינעם נישט אינטערעסירט.

טויט מיד און דערשלאָגן האָב איך זיך אין די שמאַטעס איינגעגראָבן און בין איינגעשלאָפן. ווען אַ גרויסער טאָג האָט זיך געשטעלט, בין איך גלייך מיט אַלע צו דער אַרבעט אַוועק. ווידער רעגן, קעלט, פּיין און לייד. אָבער צו אונזער גרויס גליק האָט מען אונז צוליב רעגן פריער אין לאַגער געבראַכט. איך בין פאַרקראָכן צו מיין ווינקל, און פּלוצלינג זיך דערמאָנט: אוי, די מאַמע גיטעלעס, וואָס איז מיט איר געוואָרן? און וווּ איז זי גיטעלע?

איך בין צו צו די שמאַטעס. איך האָב אָנגעהויבן גריבלען, זוכן. נישטאָ. איך האָב געזוכט ווייטער, נאָך טיפער, ערגעץ טיף אין אַ ווינקל אויפהייבענדיק עפּעס אַ שמאַטע האָב איך דערזען אַ קינד? נישט קיין קינד, עפּעס אַ געשפּענסט אַ קליינס, אַ ווייסן מת מיט אַ פּאָר גרויסע, משוגענע אויגן. דערזעענדיק מיך האָט דאָס קינד פאַרמאַכט די אויגן, ווי עס האָט געוואָלט איינשלאָפן.

„גיטעלע, קליין גיטעלע!“ איך האָב זי אויף די הענט גענומען. גאָטעניו! דרייסיק שעה איז דאָס קינד אונטער די שמאַטעס געלעגן! און איך האָב איר אַריינגעלאָזט אין מויל אַ פּאָר טראָפּן וואַסער, איר צעווייקט אַ שטיקל דאַר ברויט. זי האָט געלאָזט מיט זיך אַלץ טון. קיין טרער נישט געלאָזט, קיין פראַגע נישט געשטעלט, וווּ איז די מאַמע? ביינאַכט האָב איך זי נעבן מיר אַוועקגעלייגט. זי איז אַ ווײַלע געלעגן און דערנאָך, מיינענדיק, אַז איך שלאָף שוין, איז זי שטיל אַריבערגעקראָכן צום ווינקל, וווּ זי פּלעגט מיט דער מוטער זיצן.

צוויי וואָכן דורכאַנאַנד האָב איך זי געזען, זיצנדיק אין דעם ווינקל, מיט ברייט צעעפנטע אויגן אויפגעשטעלט אויף דער טיר, ווי זי וואָלט עמיצן דערוואַרט. קיינמאָל האָט זי גאָרנישט געבעטן, קיין פראַגן נישט געשטעלט. אַן אַלטער, פאַרזאָרגטער מענטש פון 5 יאָר. — — — —

נאָך צוויי וואָכן איז ווידער אַ סעלעקציע געווען. דאָס מאָל האָט זיך מיר שוין נישט איינגעגעבן צו אַנטלויפן, און איך בין פון מיין ליכטיקן „גן־עדן" דעם אַרבעטס־לאַגער אין קאַצעט געקומען.

ניטעלען האָב איך אָבער מער נישט געזען.



# איזקעלע

פון זיין געבוירן אן האָב איך אים געקענט דעם קליינעם איזקעלע. ווייל דאכט זיך שוין דעם ערשטן טאג איז מיין מאַן אַלס אַרצט צו זיי אין שטוב פאַרבעטן געוואָרן. דאס קינד איז געבוירן געוואָרן אַ געזונטס, ווי אַלע אַנדערע נארמאַלע, געזונטע קינדער. אָבער שוין פון ערשטן טאג האָט זיין מוטער געוואָלט, אַז ער זאָל זיין אונטער אן ארצטלעכער השגחה.

10 יאר האָט זי קיין קינדער נישט געהאַט. און דאס גאַנצע הויז, אַ הויז פון פאַרמעגלעכע, שיינע בעלי־בתים האָט דאָס קינד פאַרגעטערט. אָבער זי, די מוטער איז געוואָרן אויף דעם פונקט קינד ווי נישט נאָרמאַל. ווען מען האָט 2 ביינאַכט געוועקט מיין מאַן האָבן מיר שוין געוווסט: מין הסתם פרוי שוסטער, איזקעלעס מאַמע. מיט צעשויבערטע האר און משוגענע אויגן פלעגט זי וויינען און בעטן, אַז גיכער, וואָס גיכער, גאָט ווייסט, וואָס מיט דעם קינד טוט זיך שוין דאָרט.

אָבער מיין מאַן, קענענדיק שוין איר האָט זיך ווייניק וואָס איבערגענומען, ווייל אַלע אירע אַזעלכע פלוצלינגדיקע וויזיטן און געוויינען האָבן זיך געווײנלעך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט. אַז דאָס קינד האָט נאָר אַ נים געטאָן אָדער געשוויצט, אָדער גאר

אַ ווייכן מאגן געהאַט, איז דאס שוין געווען אַ סיבה פאַר אַ בהלה.

און נישט געקוקט אויף די אַלע משוגעתן און אומגעלומפּער־טע איבערנעמען זיך פון דער מוטער איז דאס קינד דווקא גע־וואַקסן אַ געזונטס און אַ שיינס. כסדר געשטיפט און געלאַכט. צום דאקטאר זיך צוגעווינט ווי צו דער אייגענער מוטער. פלעגט קיינמאָל נישט וויינען, זיך לאָזן אונטערזוכן און בכלל ביי אונז אין שטוב זיך געפילט ווי ביי זיך אין דער היים.

און יארן זיינען געגאַנגען. יארן פון אונזער הייליקן „אמאָל“, דעם „אמאָל“, וועלכן מיר זעען יעצט נאר אין חלום. דעם „אמאל“, ווען אויך מיר האָבן ווי אַלע אַנדערע מענטשן געלעבט. ווען מיר האָבן אַ „היים“ געהאט, קינדער געהאט און זיי דערצויגן פאַר נוצלעכע, ווירדיקע מיטגלידער פון דער מענטשהייט. אַלע אונזערע כוחות האָבן מיר אנגעווענדעט אונזערע קינדער פיזיש און קולטורעל צו דערציען, צו דער העכסטער מדרגה צו דערפירן. פאר אַ וועלט אַ גערעכטע, אַ יושרדיקע. און שיין זענען אונזערע קינדער געווען און גייסטרייך.

און... קינדערלעך, טייערע, ווער זשע האָט געוווּסט? ווער האָט זיך דען דאס אפילו אין אַ בייזן חלום פאַרגעשטעלט, אַז פאַר דעם גרוב גרייטן מיר אייך? ווער האָט זיך דען גאָר געקענט פארשטעלן, אַז עפּעס אַזוינס קען ביי מענטשן פאָרקומען? אמת, מיר זענען שולדיק. מיר איבערגעבליבענע דארפן ביי אייך מחילה בעטן. נישט דאס האָבן מיר באַדאַרפט טון. פריער פון אַלץ האָבן מיר באַדאַרפט פאַר אַ פעסטן באָרן זאָרגן. פאַר אַ ריכטיקע, אמתע היים, וו איר וואָלט זיך געקענט פריי אייער לעבן אויסלעבן. האָבן מיר דאָס אָבער נישט געטון. און פאַר אונזערע זינד האָט איר מיט אייער יונג לעבן באַצאָלט. נישטא פאַר אונז קיין טיקון. נישטא קיין פאַרענטפערונג..

און יאָרן זענען געגאַנגען און אויף שטענדיק אוועק. און אין דעם ליכטיקן „אַמאָל“, צווישן אַלע אונזערע קינדערלעך איז אויך דער קליינער איזקעלע געוואַקסן. געוואַקסן שיין, געזונט, באַגאַבט. זיך צום לעבן געגרייט. ביז... פּלוצלינג איז געקומען אויף אונז דאָס גרויסע אומגליק. אונז פאַרניכטעט, צעיאָגט און אין אַלע עקן וועלט פאַרטריבן. אויך אונזערע וועגן זיינען זיך צעגאַנגען. ווייט האָט אונז דער שיקזאַל פאַריאָגט.

און ס'זענען פאַרגעפּלט געוואָרן דעריגערונגען פון אייגענע באַקאַנטע. ערגעץ ווען, ערגעץ ווו, געווען אַ שטאָט, געווען אַ היים, געווען זענען אייגענע, נאָענטע. איז דאָס מיין לעבן געווען? איז דאָס טאַקע אין אמתן געווען? „היים“, מיין „היים“, וווּ איך בין געבוירן און אויפגעוואַקסן. וווּ מיין גורל איז אַזוי פאַרפינצ־טערט און מיין סוף אַזוי שרעקלעך אויסגעפאַלן! און דאָס האַרץ צים און נאָגט און וויל פון גאָרנ־שט וויסן. און מיר לעבן אין דיר, „היים“, דו היים מיינע! אין געדאַנק, אין חלום. מיר קענען דיך נישט פאַרגעסן. און דו? און איר וועגן און שטעגן, פעלדער און גראָזן. דערמאָנט איר זיך אָן אונז אַמאָל? בענקט איר, וויינט איר אַמאָל אויף אונזער גורל? צו גאָר גלייכגילטיקע, שווייגנדיקע האָט איר שוין אַנדערע אויפגענומען, פאַר זיי אַ היים געוואָרן, און גאָר אָן אונז פאַרגעסן. און מיר לויפן און זוכן:

מיט דעם וואַנדער שטאָק אין האַנט
אָן אַ היים און אָן אַ לאַנד,
אָן אַ גואל, אָן אַ פריינט,
אָן אַ מאָרגן און אַ היינט.

און איינמאָל אַזוי צופעליק אויף דער טומאה'דיקער ערד גאָר אומדערוואַרטעט האָבן מיר זיך מיט באַקאַנטע געטראָפן.

באַקאַנטע פון מיין שטאָט. פון מיין שטאָט, וואָס איז אין אַ חורבה פאַרוואַנדלט געוואָרן. נישט ווייל די הייזער אונזערע זיי-נען צעשטערט געוואָרן. צעשטערט און אָפּגעווישט פון דער ערד איז געוואָרן דאָס לעבן פון אונזערע טייערסטע און נאָע-נטסטע. און מיר זיינען שטיל, צוזאַמענגעדריקט געזעסן און אויסגעהערט ווי מענטשן זענען געפאַלן. ווי אַ פאָלק איז פון מער-דערישע הענט אוועקגעשניטן געוואָרן.

און דעמאָלט האָט זיך לאַנגזאַם די טיר געעפנט און אין צימער איז אריין אַ יינגל פון אַ יאָר 13—14. דערזעענדיק אונז האָט ער זיך ווי געוואָלט צוריקציען, אָבער זיין מומע — אונזערס אַ פריינט האָט אים נישט געלאָזט. „קום אריין" האָט זי אים פריינטלעך גערופן. „אַ נו, דערקען, ווער איז דאָס" און זי האָט מיט אַ שמייכל אויף אונז אָנגעוויזן.

יענער איז געשטאַנען ווי דערשראָקן. מיט אַ ערנסט געזיכט מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן האָט ער לאַנג געקוקט, ווי ווילנדיק זיך אין עפּעס דערמאָנען. און פּלוצלינג איז אים דאָס גאַנצע בלוט אין פנים געקומען. ער האָט אויסגעשטרעקט די הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט עפּעס אַ דערינערונג כאַפּן.

„אוי, דאָקטאָר". אַזוי פלעגט ער מיין מאַן רופן. „דאָס זענט איר?" אָבער מיר האָבן אים נישט דערקענט. צי קען דען גע-מאָלט זיין, אַז דאָס 14 יאָריק יינגל מיט דעם ערנסטן, אויסגעצויגע-נעם געזיכט און מיט אַ האַלב אָפּגעשאָסענעם אויער, זאָל זיין ער דער 6 יאָריקער שטיפער איזקעלע?

„איר זענט שטאַרק פאַרוואונדערט? דאָס איז ער טאַקע איז-קעלע", האָט זיין מומע ווי פארשטאַנען אונזערע דערשטוינטע בליקן. „ער איז דאָך פון גרוב ארויס. שוין געווען דורכגעשאָסן. ער איז אַליין ארויסגעקראָכן און זיך געראַטעוועט".

מיר זענען געזעסן, ווי פארגליווערט. וואָס הייסט זיך געראַטעוועט? פון גרוב? ווי קען דאָס זיין? וויפיל איז ער דען אַלט געווען דאַן? מיר האָבן פאַרווונדערט אנגעקוקט דאָס בלאַסע, ערנסטע געזיכט פון דעם יינגל.

וויפיל איז ער אַלט געווען? 7 יאר. אָבער ער וועט אייך אַליין דערציילן האָט זיך צו אים געווענדעט זיין מומע. איבער דעם קינדרס פּנים איז ווי אַ שאָטן אַריבער. מיין מאַן האָט אים צו זיך געצויגן, אים לאַנג באַטראַכט. געדענקסט מיך איזקעלע? דאָס יינגל האָט אַ שמייכל געטון. „יעצט דערמאָן איך זיך שוין גוט. איר פלעגט אַזוי אָפט צו אונז קומען".

און דו ביסט אינצווישן אַזאַ העלד אויסגעוואַקסן? באַוויזן צו 7 יאר זיך אַליין צו ראַטעווען. דער שמייכל איז באַלד פאַרשוווּנדן פון קינדרס פּנים. גארנישט קיין העלד, האָט ער פארלעגן שטיל געזאָגט. „אַז איך וויים אפילו נישט ווי אַזוי איך האָב זיך געראַטעוועט. בכלל ווייזט מיר אוים, אַז וואָס ווייטער ווערן מיינע דערינערונגען מער און מער פאַרנעפּלט". . .

— ניין, דערצייל, — איז זיין מומע צו אים צוגעשטאַנען. געדענקסט דאָך ווי דו ביסט פון גרוב אַרוים. און ווי דו ביסט מיט דער מאַמע געגאַנגען. מיין נישט, אַז פון נייגעריקייט בעטן מיר דיך. פּשוט אַ גאַנצן טאָג דערמאָנען מיר זיך און רעדן אַלץ פון פריערדיקן לעבן. ווייסט, אַזאַ אומגעוויינלעכע שטימונג...

דאָס יינגל האָט זיך אנגעשפּאַרט אָן דעם בעט, אויף וועלכן מיר זיינען געזעסן. איר, דאָקטאָר, זייט דאָך נישט געווען ביי אונז „דעמאָלט", האָט ער זיך געווענדעט צו מיין מאַן.

ניין, איזקעלע, איך בין געווען מאָביליזירט און דאָס האָט אונז געראַטעוועט.

דאס קינד האָט איראָניש אַ שמייכל געטון. „אויב אַזוי, ווייסט איר דאך גארנישט!“ ער האָט זיך אַפּיסל פֿאַרקלערט. „דאס איינציקע, וואָס איך געדענק אמבעסטן איז דער גאַנג „אהין“ מיט דער מאַמע און אַלע מענטשן פֿון אונזער שטאָט. אוי איז דעמאָלט אַ טאָג געווען! אַ שרעקלעכער. אַזאַ שניי. און דער שניי האָט געשאָטן. שניי אויסגעמישט מיט רעגן“. נאך סוכות איז דאָס געווען. מישט זיך אַריין די מומע. נאר דאכט זיך, אז דאס קינד הערט נישט. ער איז אינגאַנצן שוין פֿאַרזונקן דאָרט אין יענעם שרעקלעכן טאָג.

מיר זענען געווען פֿון די לעצטע, האָט ער ווייטער גערעדט, גיט דערהערנדיק דער מומעס צווישנרוף. די מאַמע האָט מיך געהאַלטן אין איין אָנטון וואַרעם, איך זאָל חס וחלילה נישט פֿאַרקילן. איז האָט מען אונז אָנגעהויבן טרייבן און אַלע מאָל די מאַמע מיט אַ שטעקן געשלאָגן, עפּעס אַ גוי אַ הויכער. מיר זיינען די לעצטע אין דער ריי געווען. איך האָב נישט געקענט אַזוי גיך גיין, האָט די מאַמע מיך געוואָלט אויף די הענט נעמען. האָט זי זיך אויסגעגליטשט און איז געפאַלן. האָט ער זי געשלאָגן, דער גוי! דעם קינדס אויגן זיינען אינגאַנצן פינסטער געוואָרן. זיינע ביידע דאַרע הענטלעך האָבן זיך אין פויסטן פֿאַרקיילט. איך האָב אים מער קיינמאָל נישט באַגעגענט, אָט דעם גוי. האָט ער זיך ווי פֿאַרענטפֿערט.

ביז מיר האָבן זיך צווישן אַלע אַריינגעדרייט און אויסבאַ-האַלטן איז שוין מיין מאַמע אינגאַנצן צעבלוטיקט געווען. אָבער מיך האָט זי פֿאַרטיידיקט, כסדר מיט זיך פֿאַרשטעלט. דערנאָך זענען מיר געזעסן אין דער בלאָטע און געוואַרט. די מאַמע האָט מיך אויף די קני געהאַלטן, מיך געוויגט און צו מיר עפּעס שטיל גערעדט. איך האָב נישט געהערט. איך האָב נאר

געבעטן, מיר זאָלן זיך ערגעץ אויסבאַהאַלטן צווישן די מענטשן מ׳זאָל דער מאַמען מער נישט שלאָגן.

איך האָב זיך אָנגעהויבן אָריענטירן, אַז עפּעס שרעקלע־כעס קומט פאָר. מען האָט ארויסגעגעבן אַ באַפעל זיך אויסצוטון נאַקעט. ווידער האָט מען אָנגעהויבן שלאָגן מיט שטעקנעס און בייטשן. מיין מאַמע איז געווען שוין אינגאַנצן צעקאַליעטשעט. אָבער מיך האָט זי נישט געוואָלט אויסטון. ערשט, ווען מ׳האָט מיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט שטעקנס האָט זי אויף גיך, ווי משוגע געריסן פון מיר די שאלן, דעם מאנטל, מיך אינגאנצן אויסגעטון.

מיין מאַמעס אויגן דעמאָלט, מיט דעם צעבלוטיקטן, אויפ־געלאָפענעם פּנים דאס איז מיר געבליבן אין זכרון. און דאס וועל איך מיין גאנץ לעבן נישט פארגעסן. מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, אַ בלאַסער, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף די הענט איז ער געזעסן איזקעלע איבערגענומען פון די שרעקלעכע דערינערונגען. זיין פּנים האָט זיך ווי פארענדערט. ער האָט אַביסל געשוויגן. מער געדענק איך גאָרנישט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף דעם פּלאַץ.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך פון שטאַרקער קעלט. די ערשטע מינוט האָב איך גאָרנישט געזען. וווּ בין איך? וואָס איז דאָ? איך בין געלעגן אויף דער מאמען. איך האָב געהערט עפּעס הארצרייסענדיקע געשרייען, קרעכצן. אָבער קיין גענוי בילד פון ארום, פון דעם גרוב, דאס געדענק איך נישט. איך האָב נאָר גע־פילט ווי די מאַמע שטופּט מיך איך זאָל ארויסגיין, ארויסקריכן. אייגענטלעך, ווייס איך אפילו נישט צי האָט זי מיר טאקע גע־הייסן, צי האָב איך אליין אָנגעהויבן ארויסצוקריכן. נאָר מיר האָט זיך געדאכט, אַז זי קוקט מיר נאָך, די מאַמע און שמיי־כעלט און הייסט מיך גיין. און איך בין געקראָכן און זיך אלע

מאָל אומגעקוקט. יאָ, זי שמייכלט די מאַמע און שאָקלט מיט דעם קאָפּ. זי רעדט דאכט זיך אפילו עפּעס. יעצט ווייס איך, אַז די מאַמע איז טויט געווען. אָבער אויך יעצט ווייס איך, אַז זי האָט צו מיר געשמייכלט.

איך בין ארויס פון גרוב. דערנעבן, נישט ווייט זענען גע־לעגן בערג מיט קליידער. איך האָב אַ כאַפּ געטון דאס ערשטע, וואָס איז מיר אין דער האנט געקומען. עפּעס אַ לאנג העמד. איך האָב עס אויף זיך ארויפגעשלעפּט און בין שנעל אוועק. איך ווייס נישט ווי לאנג איך בין אַזוי געגאַנגען נאקעט, נאָר אין העמד, מיט באָרוויסע פיס. פון דערווייטנס האָב איך דערזען אַ פויעריש הייזל. איך האָב געוואָלט אריין, האָט זיך דער הונט צעבילט. איך האָב זיך דערשראָקן, אנידערגעלייגט נעבן פּלויט און בין איינגעשלאָפן. אין שלאָף האָב איך דערפילט, אַז עמיצער וועקט מיך. איך האָב זיך דערשראָקן אויפגעכאַפּט.

די גויע פון הייזל, וואָס איז ווייסט אויס צו די בהמות אויפ־געשטאנען, האָט מיך דערזען. זי האָט מיך אריינגענומען אין שטוב. מיינע פיס זענען געווען אינגאנצן פארפרוירן. זי האָט אין דער גיך געמאכט הייס וואַסער, מיר אָפּגעוואַשן דאס בלוט פון אויער און מיט עפּעס איבערגעבונדן. אַ האַלב אויער איז געווען אראָפּגעשאָסן. דערנאָך האָט זי מיר אוועקגעשטעלט אַ שיסל מיט וואַרעניקעס, דאס געדענק איך גוט, ווייל מיט אַזאַ אַפּעטיט האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געגעסן. דערנאָך האָט מיר די גויע די פיס פארוויקלט מיט שמאטעס, אָנגעטון אַ פּאָר אלטע פאסטאלעס, עפּעס אַ פּעלצל אַ צעריסן, אַ פּאָר הויזן. אויף דעם קאָפּ האָט זי מיר אָנגעטון אַ קוטשמע, אין האנט ארייננגערוקט אַ גראָב שטיק ברויט און מיך געפרעגט, וווּהין איך וויל גיין. איך בין געווען אַזוי מיד, קוים אויף די פיס זיך

געהאלטן. אָבער די גויע האָט צו מיר דאן געזאָגט ווי צו א גרויסן: „דו מאַרסט דאָ נישט בלייבן. ס׳וועט טאָג ווערן, וועט מען דיך דערזען און מ׳וועט דיך הרגענען, גיי ערגעץ אוועק״.

„האָסט עמיצן, פריינט, באַקאַנטע?“

איך האָב געזאָגט: „אין סעלעשטש וווינט מיין זיידע. ער האָט דאָרט א מיל, וועל איך צו אים גיין״.

די גויע האָט זיך דערפרייט. „סעלעשטש איז נישט ווייט, גיי גלייך מיט דעם וועג, גאנץ גלייך. איין שליאך איז נאָר דאָ קיין סעלעשטש, וועסט נישט פארבלאָנדזשען״. איך בין ארויס פון שטוב.

איזקעלע, טייערער, האָב איך שטיל געציטערט, פארגעסנדיק אַז מען האָט מיר שוין דאס אמאָל געזאָגט. וויפיל ביסטו דען דעמאָלט אַלט געווען?

דאס יינגל האָט אַנגעשטעלט אויף מיר אַפּאָר ערנסטע אויגן וויפיל? נא, יאָ, 7 יאר. יעצט בין איך 14. שוין 7 יאר אריבער. נו, און ווייטער וואָס איז מיט דיר געווען? איזקעלע האָט זיך אויסגעגלייכט. נו, בין איך געגאנגען, געגאנגען און געטראָפן קיין סעלעשטש צום זיידן. דער זיידע האָט מיט די הענט פארבראָכן דערזעענדיק מיך: גיי אוועק קינד, דאָ וואַרט מען מאָרגן אויף דער אייגענער שחיטה, וואָס ביי אייך. לויף אוועק ערגעץ אין וואַלד. באַהאַלט זיך! דער זיידע האָט פארשטעלט מיט די הענט דאס פנים און זיך שטארק צעוויינט.

איך בין ווייטער אוועק. נישט אין וואַלד. ווייט בין איך נישט געגאַנגען. איך בין ווידער אין אַ דאָרף געקומען און זיך אין אַ סטאָדעלע איינגעגראָבן. ביימאג בין איך אין די שטיבער גע־גאנגען, פלעגט מען מיר עפּעס געבן צו עסן. ביינאכט פלעג איך

אין שטרוי געכטיקן. אמאָל האָט מען מיך אפילו אין אַ שטוב אריינגענומען. עסן האָבן מיר אלע געגעבן. קיינער האָט מיך נישט געטשעפּעט. אלע האָבן געוווּסט, אַז איך בין אַ ייד, כ׳פלעגט מיך אפילו רופן זשידיאנעק. זומער בין איך געוואָרן אַ פּאַסטוך. און אַזוי האָב איך געלעבט. 6 יאָר געלעבט צווישן די זעלבע גויים, וואָס האָבן מיין מאמע געהרגעט. דאס איז אלץ.

איזקעלע האָט זיך אויפגעשטעלט. מיט זיין ערנסט פּנים האָט ער אויסגעזען פיל עלטער ווי 14 יאָר.

„ווי אַזוי איך בין אהער געקומען, וואָס עס איז ווייטער

געווען איז נישט וויכטיק. אָבער יעצט וואָס? איך וויל דאך אוועק פון דאַנען. איך וויל מיט די דייטשן מער נישט זיין. וואָס האַלט מען מיך דאָ?" — זיינע ערנסטע אויגן האָבן אויסגעדריקט אַ פאַרוואורף און אינערלעכן ווייטאָק.

און מיר זענען שטומע געזעסן, דערשלאָגן און אומבאַהאָלפן. וואָס ענטפערן דעם קינד? . . .



# דער הינט — מיין פריינט

אַ זומער איז דאס געווען, אַזאַ הייסער, אַז דאכט זיך אין מיין גאַנץ לעבן האָב איך אזעלכן נישט געזען. בכלל האָבן מיר גרוים גליק געהאט אין יענער גרויזאמער צייט. די ווינטערס זענען געווען אויסערגעוויינלעכע קאַלטע, און די זומערס הייסע.

ווען איז דאס פאָרגעקומען? אַ נפקא־מינא! אַ טויטן־מארש איז דאס געווען. מען האָט אונז געטריבן. וווהין? אַ נפקא־מינא! אין געדיכטן שטויב, ווו איינער האָט דעם צווייטן גיט געזען, איז געגאַנגען אַ מחנה באַשעפענישן. אַ גייער מין מענטש, וואָס דער גאָט פון היטלער האָט באַשאַפן. האלב מענטש האלב חיה. איינגאַנצן נאקעט, נאָר מיט אַ שמאַטע באַצירט. געגאַנגען. גיין, דאס קען מען נישט אָנרופן גיין. מ'האָט זיך געשלעפּט. איינער האָט דעם צווייטן געשלעפּט. געשטופּט. אמאָל האָט מען זיך אָפּגעלאָזט, זענען מענטשן געפאַלן, האָט מען איבער זיי גלייכגילטיק איבערגעשפּרייזט און כדי אליין נישט צו פאַלן, זיך אָן אנדערן אָנגעשפּאַרט...

שוואַרצע, שמוציקע סקעלעטן האָבן זיך געשלעפּט אין געדיכטן וואָלקן פון הויכן שטויב. שוואַרצע, שמוציקע סקעלעטן

זענען געווען פארזייט אויפן וועג, געלעגן מיט אויסגעלאָשענע געשטאָרבענע אויגן, אויסגעשטעלט צו דעם נאָט, וואָס האָט זיי ביים באשאפן דעם גורל אויסגעקליבן.

איך האָב זיך אָן מיין חברטע איינגעקלאמערט, איר פּנים געזען האָב איך נישט. דער געדיכטער שטויב האָט זיך טיף איינגעגעסן נישט נאָר אין מויל, אין די אויגן, נאָר אין גאנצן לייב. קיין שווייס איז נישט ארויס, אַזוי איז געווען טרוקן די הויט פון די לייבער. די הויט האָט אומעטום געפּלאַצט און איננאנצן אָפּגעקראָכן. די ביינער האָבן ווו נישט ווו ארויסגע־קוקט.

וויפיל טעג האָבן מיר שוין נישט געגעסן? קיין ביסל וואַסער נישט געהאט? ווער האָט דען געציילט?! אין קאָפּ האָבן מילן גערוישט, די אויערן פארשטאָפּטע האָבן ווי מיט גלעקער גע־קלונגען, און די טייערע זון האָט דוקא אָן רחמנות, דוקא אכזריות׳דיק, נישט קיין מילדע שטראלן, נאָר שטיקער פייער אויף די פארברענטע לייבער געוואָרפן.

און מיר זענען געגאַנגען... געגאנגען אָן א סוף און אָן א עק געגאַנגען, ווייל די ערשטע זענען געגאַנגען און די הינטער־שטע האָבן געשטופּט. ווייל קיין געדאנק האָט נישט געארבעט, אינערציע האָט געוועלטיקט.

ווען איז נאכט געוואָרן? ווען איז קילער געוואָרן? די גע־דאנקען זענען געוואָרן צעמישט, אין טיפן שטויב האָבן מיר גאָרנישט געזען. אָבער פּלוצלינג עפּעס נעבן א שייער, א פויערישן האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. אלע זענען אנידערגעפאלן ווו מ׳איז געשטאנען. דער שייער איז געווען נישט קיין פארמאכטער, א סך זענען אין דרויסן געבליבן. אויך איך מיט מיין חברטע זענען

אנידערגעפאלן, בין איך לאנג אַזוי געלעגן? איך ווייס נישט, אָבער, אַז איך האָב די אויגן געעפנט, האָב איך דערזען פון דער־ווייטנס אַ שטוב, דערנעבן אַ בודע און אויף אַ קייט אַ גרויסן הונט. און פּלוצלינג דערזע איך, דער הונט עסט עפּעס פון אַ שיסל. אַ חיה'שער הונגער האָט זיך אין מיר צעשפּילט. איך האָב אַביסל דעם קאָפּ אויפגעהויבן און איך זע, דאָרט אין שיסל, ביים הונט איז נאָך געבליבן עפּעס. דער הונט באַלעקט זיך און לייגט זיך רואיק אנידער. איך ווער אינגאנצן וואַך, איך מוז אַביסל פון זיין עסן גנבענען, אָבער ווי אַזוי? ווי דערקריכט מען זיך צום הונט, דערזעט מען מיך קריכן, שיסט מען מיך. גיט דער הונט אַביל און מען כאַפּט מיך שיסט מען מיך אויך. אָבער מאָרגן, אַז איך וועל נישט קענען אויפשטיין, שיסט מען מיך דאָך אויך.

עפּעס גיט מיר אַ ברי אין מיין נאַקעטן לייב. קראַפּעווע! איך קוק זיך ארום און דערזע זיך, שוין אויף אַ האלבן וועג צום הונט. ווייזט אויס, אַז אַזוי קלערנדיק, בין איך שוין גע־קראָכן, צי אפשר פארכישופט פון דעם אָפּפאַל ביי דעם הונט אין שיסל, האָב איך פריער אָנגעהויבן קריכן און דערנאָך ערשט קלערן. יעצט בין איך שוין נישט קיין חיה, איך בין שוין אַ שלאַנג. איך בין עלאסטיש, ראפינירט. וווּ מ'דאַרף דריי איך זיך צונויף אין דרייען, און וווּ מ'דאַרף, צי איך זיך אויס אין מיין גאנצער לענג. איך קריך צווישן קראַפּאַווע און שטעכקעס. מיין לייב איז צעריסן, אָבער איך פיל גאָרנישט. איך זע נאָר די שיסל און אַ גרויסן הונט דערנעבן. נאָך אַביסעלע, אַ קליין ביסל און איך בין שוין ביי דער שיסל.

דער הונט ליגט רואיק, און קוקט אויף מיר. גאָטעניו! ווי אַזוי שטרעקט מען אויס די האנט, ער וועט דאָך מיך צערייסן

אויף שטיקער. און איך הויב אָן אין די געדאַנקען אַ תפילה צום הונט: „הינטעלע טייערס, ווייז, אַז דו ביסט בעסער ווי די מענטשן. האָב רחמנות, טשעפּע מיך נישט, דו ביסט דאָך שוין זאַט דו ווייסט דאָך, אַז מאָרגן וועט מען דיר ווייטער עסן געבן, דו ביסט דאָך אַ הונט נישט קיין ייד. און איך בין אַזוי הונגעריק, אַזוי שרעקלעך הונגעריק".

איך קוק דער חיה גלייך אין די אויגן. איך קוק מיט אַזאַ געבעט און איך פּיל, עפּעס קייקלט זיך פון מיינע אויגן. אוי, אַ טרער. שוין אַזוי לאַנג קיין טרער פון מיינע אויגן נישט אַרויס. איך שטרעק אַרויס די צונג און לעק גיריק די געזאַלצענע טרער און פּלוצלינג דערזע איך, ווי דער הונט שטעלט זיך אויף און דערנענטערט זיך צו מיר. איך פאַרמאַך די אויגן און קאַר־טשע זיך צונויף, אָבער איך דערפּיל עפּעס אַ נאַסקייט אויף מיין באַק. איך עפן די אויגן. דער הונט שטייט איבער מיר און שמייכלט, בפירוש שמייכלט. נאָך יעצט קען איך שווערן ביי אַלע הייליקייטן, אַז ער האָט געשמייכלט. ניט ווי אַ מענטש, נאָר מילדער, גוט. ווי אַן אמתער פריינט.

„אך, הינטעלע, ווייסט, פונקט היינט איז דאָך מיין גע־בורטסטאָג. איך ווער היינט 17 יאָר אַלט. גיסטו מיר נישט אַביסל פון דיין עסן, שטאַרב איך דאָ נעבן דיר". — דער הונט האָט זיך אויסגעצויגן און געשמייכלט.

איך האָב פאַרשטאַנען: „ער דערלויבט". „טייערינקער, דיך גייט דאָך דאָס נישט אָן, וואָס איך בין אַ יידישע", און איך שטרעק אויס מיינעביידע הענט צו דער שיסל. איך שלעפּ אַרויס שטיקלעך קאַרטאָפל, שטיקלעך ברויט, ביינדלעך פון פלייש.

גאָטעניו, וואָס פאַרא גענוס!... איך פאַרגעס אָן דעם הונט, איך פאַל צו צו דער שיסל. און גלייך ווי דער הונט טרינקט

איך און לעק מיט דער צונג, שלעפ מיט די הענט און קען זיך גאָרנישט באַהערשן. דאכט זיך, שוין אינגאנצן פארשווונדן דאס מענטשלעכע, אינגאנצן אַ חיה.

אָבער פּלוצלינג לויפט מיר אדורך אַ געדאנק: אוי, מיין חברטע! אָבער גישטא קיין כח זיך פון דער שיסל אָפּצורייסן. ענדלעך, אַביסל אָפּשטעלנדיק דעם חיהשן הונגער, רייס איך מיט געוואַלט אוועק דעם קאָפּ. איך זע, דער הונט שטייט רואיק און שמייכלט, איך רוק זיך צו נענטער צו אים. איך טוליע מיין קאָפּ אין זיין פעל „פריינט, איינציקער, טייערער פריינט מיינער, ווו און ווען וועל איך דיר קענען אָפּדאנקען?!

בין איך אַזוי לאנג געלעגן צוגעטוליעט? דאס געדענק איך נישט. „מיין חברטע", האָט מיר ווידער דער געדאנק אַ שלאָג געטון. איך האָב גענומען אַ ברעג פון מיין שמוציקער קאָלדרע, אריינגעפּאַקט אהין דאס רעשטל פון דער שיסל, קוים אויסגע־געהאלטן דעם נסיון, דאס באלד נישט אויפצועסן.

איך האָב זיך הארציק מיט מיין פריינט אויף שטום גע־זעגנט און זיך געלאזט קריכן אין מיין צוריק וועג, מיין האלב פארחלשטע חברטע ראטעווען.

צוויי נעכט זיינען מיר דארט געווען און ביידע נעכט, האָט זיך מיין בעסטער פריינט, דער הונט, מיט זיין שיסל עסן מיט אונז געטיילט און אַזוי ארום צוויי מענטשן פון אַ זיכערן טויט אָפּגעראטעוועט.



# פאַלן קינדערלעך איז גרוב

„דעם ערשטן מאַי איז דאָס געווען. דער טאָג איז געווען אַ הערלעך שיינער, ווי ס'מאַכט זיך אַמאָל אין די יונגע פרילינג טעג. אַ העלע זון האָט געלויכטן און איבער אַלץ אַרום אירע פרילינגס־שטראַלן צעשאָטן.

און מ'האָט די שענסטע פון זיי אויסגעקליבן, די שענסטע פון אונזערע קינדערלעך, די בעסטע אָנצוגלעך און שיכלעך אָנגעטון. יעדן קינד אַ בוקעט בלומען אין די הענטלעך געגעבן, צו פיר אין אַ ריי אויסגעשטעלט און געהייסן גיין פאַרויס. „גראָדע אַאוס, גראָדע אַאוס", אַזוי האָבן די מערדער שטרענג באַפוילן. און דאָרט אַנטקעגן איז שוין געווען צוגעגרייט אַ גרוב אַן אָפענער. און אַזוי צו פיר אין אַ ריי זיינען זיי געגאַנגען. קליינינקע, קינדערישע שפּאַנעלעך, פּאַטעלעכענקע, געגאַנגען דעם לעצטן וועג זייערן".

אַזוי שרייבט אין אַ בריוו צו דער היסטאָרישער קאָמיסיע פון דובנא (וואָלין) אַן עדות, אַן איבערגעבליבענער, אפשר אַ פאָטער, וועמענס קינד איז אין איינע פון די רייען געגאַנגען.

ברויזט אַ לעבן אַרום, שיינט אַ זון אַ שטראַלנדיקע. ווידער קומט אַ זומער און פאַרגייט. אויגן אָפענע קוקן אַרום און וווּנדערן

זיך. האָט זיך דען גאָרנישט געענדערט? גלייכגילטיק שיינט די זון, שיקט אירע שטראַלן און באַלויכט אַלץ ארום, סיי די גריבער די פינסטערע, סיי די טויטע קערפּערלעך, צי אפשר גאָר נאָך די לעבעדיקע. גלייכגילטיק גייט אויך אַ וועלט אדורך.

און מיין נשמה זוכט נישט קיין טרייסט. מיין הארץ וויל נישט קיין מיטלייד. צו וואָס?... קען דען עפּעס מיין גורל, דעם שרעקלעכן גורל פון אַ יידישער מאמע פארבעסערן? די אויגן זענען ברייט צעעפנט איבער אלץ און אלעמען, אָבער גאָרנישט שפּיגלט זיך אין זיי אָפּ. גייט זיך אַ לעבן, זאָל דאס גיין. איז דען דאָ אַ וועלט ערגעץ? און ווען יאָ, איז זי דען פאר מיינע קינדער? אָט די, וואָס גייען דארט אין אַ ריי, מיט בוקעטן בלומען אין די הענט, אויסגעפּוצטע אין די יום־טובדיקע אָנ־צוגלעך און קליידעלעך?

קינדערלעך, טייערינקע! וווהין?... אך, מן הסתם אן אויספלוג. ס'איז דאך מאַי אצינד. פרילינג. די וועלט איז צו אַ ניי לעבן פון דעם לאנגן ווינטער־שלאף אויפגעוואכט.

אבער ניין, א גרוב א ברייטער א טיפער און א פינסטערער גרוב אנטקעגן... קינדערלעך מיינע הארציקע, פּאַרזיכטיק, טייערע, ווי איר גייט דארט. איר זאלט חלילה נישט ארייננפאלן!

אוי, גאט, זעען זיי נישט? הערן זיי נישט? איך וועל מיינע הענט צעשפּרייטן איך וועל דעם וועג פארלויפן. איך וועל זיך אליין אוועקלייגן. פארהיטן זי, זיך מקריב זיין. איך, מאמע, אייביקע יידישע מאמע. אבער מ'טרייבט זיי. און פיסעלעך ציטערן. און אויגעלעך מענטשלעכע, גרויסע, פול שרעק פול פארצווייפלונג. אויגן אומשולדיקע, קינדערשע, תמימות'דיקע אויגעלעך. און דער גרוב איז אלץ נענטער און ליפּעלעך קינדערשע ציטערן: „מאמע, מאמע“.

און איך יידישע מאַמע, ליג אַ צעטראָטענע, אַ באַשפּיגענע, מיט אָראָפּגעשאָסענע הענט, מיט צעבראָכענע פיס און געבן מיר אַ גרוב... אַ ברייטער, אַ טיפער און אין אים פאַלן קערפּע־לעך קלייניקע און הינטער זיי גייען נאָך און נאָך...

גייט אויף אַ זון און פאַרגייט. שפּרייזט אַ וועלט גליי־גילטיק. אָבער איך, מאַמע? ווייסט איר, וואָס דאָס איז אַ מאַמע? זענען נאָך ערגעץ פאַראַן אויף דער וועלט מיטפילנ־דיקע מוטערס? איך קריך אויף מיינע צעבראָכענע פיס, קינ־דערלעך מיינע, ווי אַזוי אייך העלפן? אפשר זיך אויף שטיקער צערייסן? מיין לייב אין גרוב וואַרפן, אפשר וועט זיך דער גרוב פאַרשיטן!

גאָט, דו זעסט גישט? דו הערסט נישט? איך בעט דיך! מאַך מיין קערפּער גרויס און ברייט. מאַך פון מיר צען, הונדערט מאַך פון מיר טויזנטער, איך זאָל קענען פון זיך שטיקער רייסן, אין גרוב וואַרפן, אפשר וועט זיך דער גרוב פאַרשיטן. גאָט הערסטו נישט דעם קינדערשן געשריי? מאַמע! נישטאָ קיין הילף. קיין אויער הערט נישט. קיין האַרץ ווערט נישט אויפ־געציטערט. און איר פאַלט און פאַלט...

און צוזאַמען מיטן לעצטן געשריי אייערן קלינגט פּלוצלינג אין מיין אויער דאָס וויג לידעלע, וואָס מיר פלעגן אייך אַזוי אָפט זינגען:

גייען שיכעלעך אוועק,
וווּ די וועלט האָט נאָר אַן עק...

וועלט!... איז נאָך ערגעץ דאָ אַ וועלט? מיר איז אַלצ־איינס. פאַר מיינע קינדערלעך איז דאָ דער עק. דאָ בייַ דעם גרוב... נישט זענט איר שיכלעך אוועק!...

פארוואס? ווער איז שולדיק?

און ס'דערמאנען זיך מיר אנדערע פיסעלעך, אָנגעטאָן אין שיכלעך, וואָס זענען אוועק, ווו די וועלט האָט אן עק און... נישט צוריקגעקומען. פיסעלעך קליינינקע זענען אויסגעוואקסן. צופעליק איז אויף זייער וועג קיין גרוב נישט געלעגן. זענען זיי אוועק און דעם וועג צוריק פארגעסן.

און איך נעם מיינע צעריסענע גלידער צונויף. איך שטעל זיך אויף מיינע צעבראכענע פיס אויף. איך וועל צו זיי לויפן. צו מיינע קינדער, די גרויסע, צו די פון מעבר לים. צו די מוזיקער, דיכטער, שרייבער און וויסנשאפטלער, צו דער לעצטער האָפנונג אונזערער.

קינדער מיינע! אויך אייך האט א יידישע מאמע אויף דער וועלט געבראכט. אויך פאר אייך געבלוטיקט, נעכט נישט געשלאפן, טעג נישט דערעסן. זעט אונזער פיין און לייד, זעט ווי מ'האט פון אוממענטשלעכע פייניקונגען ווערטער געמאכט. זעט, ווי מ'האָט אַ דריטל פון אונזער פאָלק אומגעבראכט. דאס בעסטע און שענסטע ביי אונז צוגענומען און חרוב געמאכט. און א וועלט האט דאס צוגעלאזן און געשוויגן. א וועלט, א גלייכגילטיגע שווייגט אויך יעצט.

אבער איר?... געקומען די צייט, איר זאלט זיך גוט פארטראכטן. א גרוב אן אָפענער שטייט און אין אים פאלן יידישע קינדערלעך.

און איך צעבראכענע יידישע מאמע זאג צו אייך! גענוג פרעמדע לענדער באַרייכערט, גענוג פרעמדע פעלדער, פרעמדע שיינקייטן באזונגען און אין פרעמדע הענט דעם כח פון וויסן איבערגעגעבן.

גענוג, מיינע טייערינקע! גענוג!

# די גליקלעכע

אַ צופרידענע און אַ דאַנקבאַרע זיצט זי אַקעגן מיר, אונזערע חברה און קוקט אויף די צוגעטראַגענע מתנות. צוויי קליידלעך האָבן מיר אויסגעקליבן פאַר אירע צוויי טעכטער. איינע 12 און די אַנדערע 14 יאר אַלט.

אַן אַקטיווע איז זי די חברה. גיט זיך שטאַרק אָפּ דער אַר־בעט. אַזוי האָט מען אונז געשריבן פון אונזער סניף און מיר זענען זעער צופרידן, וואָס עס געפעלן איר די זאַכן.

„פונקט גוט זיין אויף די קינדער, זייער מאס", רעדט זי פריינטלעך צו מיר. אַ גרויסן דאנק אייך. מיינע קינדער זענען נישט לאנג מיט מיר. אזי אַ קינדער היים זענען זיי פריער געווען. ערשט יעצט, נאך מיין חתונה האָב איך זיי צו זיך גענומען.

איך האָב פאַרשטאַנען. אַ געוויינלעכע דערשיינונג יעצט ביי אונז דא. דער מאַן איז אומגעקומען ביי „איר", די פרוי ביי „אים", האָט מען זיך צוזאַמענגערעדט און מען הייבט אָן אַ נייעם לעבן.

מילא, וואָס קען מען מאַכן, וויל איך זיך טרייסטן. נאך גוט וואָס די קינדער כאָטש האָט איר אָפּגעראַטעוועט.

אך, וואָס רעדט איר, אוודאי גוט. אַ גליקלעכע בין איך. יעדע מינוט זאָג איך דאָס מיר. פריער, ווען מען האָט מיין מאַן צוגענומען, האָב איך געמיינט, אַז איך וועל דאָס נישט איבער־טראָגן. אַ זעער שיין לעבן האָבן מיר געהאַט. שטיל, צופרידן זיך געלעבט, ביז דאָס אומגליק איז אויף אונז געקומען. איז ווען מען האָט מיין מאַן צוגענומען האָב איך געמיינט, אַז שוין האָט זיך דאָס גאַנצע לעבן געענדיקט. אָבער גיך האָב איך אַנדערע זאָרגן באַקומען. מען האָט געמוזט אין דער גיך אַ באַהעלטעניש פאַר די קינדער געפינען. איך אַליין בין דאָך פון „גרוב“.

איך קוק איר אָן אַביסל דערשראָקן. איך האָב שוין געהערט פון געראַטעוועטע פון די גריבער. אָבער אַזוי פנים אל פנים זיך באַגעגנען און רעדן טאַקע מיט אַזאַ איינער, דאָס איז מיר נאָך נישט אויסגעקומען. און איך בין עפּעס ווי געפּלעפט געבליבן.

אין גרוב, שוין אין גרוב זענט איר געווען, ד. ה. געשאָסן?

נו יאָ, אוודאי געשאָסן, אָבער נישט אויף טויט. דאָס איז דאָן אַן „אַקציע“ געווען.

און די קינדער אויך פון גרוב? — פרעג איך שטאַמלענדיק.

ניין וואָס רעדט איר? אַזוי האָט מען זיך געקענט מיט איינמאָל אין דרייען ראַטעווען?

זי האָט אַ מינוט געשוויגן. איך האָב אייך שוין געזאָגט, ווי איך בין געבליבן דערשלאָגן, ווען מען האָט מיין מאַן צוגענומען. מ׳זאָגט, אַז אויך צום אומגליק דאַרף מען גליק האָבן. איז בין איך דאָס געווען אָט די גליקלעכע.

אָבער אפשר שטער איך אייך? — האָט זי זיך ווי דער־שראָקן. ניין־ניין, וואָס פאַלט אייך איין, איך האָב איר אנגענומען פאַר דער האַנט. ס׳איז דאָך לייכטער, אַז מ׳רעדט זיך אַמאָל אָפּ.

יא לייכטער, די פרוי האָט שמייכלענדיק צוגעשטימט. איך זינדיק נישט, איך ווייס, אַז איך בין איינע פון די גליקלעכסטע. אויך דעמאָלט האָב איך פיל גליק געהאַט. אייגנטלעך מיין מאַנס פאַרדינסט. פריער, בשעת דעם קריג האָט מיין מאַן אַ פּאָליאַק געראַטעוועט. יענער איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן. אויך מיין מאַן איז געווען פאַרוווּנדעט, נאָר לייכטער, אָבער אויך ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, דערזעען דאָס פעלד מיט די טויטע, האָט ער אנגעהויבן קריכן, כדי וואָס גיכער פון פעלד אַראָפּ. און פּלוצלינג האָט אים עמיצער פאַר דעם פוס אנגערירט. שטאַרק דערשראָקן האָט מיין מאַן זיך אומגעדרייט און דערזען אַ פּאָליאַק, פאַרוווּנדעט אין ביידע פיס. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער זיך געבעטן ביי מיין מאַן: חבר, ראַטעווע מיך, אַז נישט שיס מיך בעסער, אָבער איך בעט דיך, לאָז מיך דאָ נישט אַליין. איך וועל דיר דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

און מיין מאַן האָט אים אויף די פּלייצעס גענומען און אַליין אָפּגייענדיק מיט בלוט, האָט ער זיך מיט דעם פאַרוווּנדעטן אויף די פּלייצעס, אַ גאַנצע נאַכט ארומגעשלעפּט. פאַרטאָג האָט זיי דערזען די סאַניטאַרישע אָפּטיילונג און ביידע פאַרהלשטע אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל און אָפּגעראַטעוועט. די גאַנצע צייט, אויך נאָך דער מלחמה זיינען זיי חברים געבליבן. דער פּאָליאַק האָט אונטער דער שטאָט זיין הויז מיט אַ גאָרטן געהאַט, פלעגן מיר אָפט צו זיי אויף זומער אַרויספאָרן. אָפט פלעגן זיי צו אונז קומען. אויך יעצט, דערוויסנדיק זיך וועגן דעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט זיך אויף אונז אַ שיט געגעבן, איז ער גלייך געקומען מיין מאַן ראַטעווען. אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. מיין מאַן איז שוין נישט געווען.

און דאַן האָב איך אים אָנגעהויבן בעטן, צו די פיס געפאַלן, זיינע טריט געקושט: ראַטעווע מיינע צוויי קליינע קינדער. גיב זיי צו דיר. מיט מיר, וואָס עס זאָל נישט געשען איז נישט וויכטיק, אָבער די קינדער ראַטעווע מיר!

דער פּאָליאַק איז געשטאַנען אַ שטאַרק גערירטער. וווהין זאָל איך זיי נעמען, האָט ער אין גרויס פאַרלעגנהייט געטשאַמעלט. צוויי קליינע קינדער, וואָס וועל איך מיט זיי טון? דיין מאַן וואָלט איך שוין ערגעץ ווו פאַרשטעקט. אָבער קינדער פון 6 און 8 יאָר? זיי וועלן אַ וויין טון, מאַכן זיי מיך אומגליקלעך.

איך בין אָבער נישט אָפּגעשטאַנען. איך האָב געוווּסט, אַז מיין לעצטע רעטונג ליגט אין זיינע הענט. גייט ער אוועק, זענען מיינע קינדער פאַרלאָרענע. האָב איך זיך אין אים ווי איינגעקלאַמערט. איך האָב אים אנגעהויבן דערמאָנען, ווי ער איז אומגליקלעך געווען און מיין מאַן אַליין אַ פאַרוווּנדעטער האָט אים דאָך פון שלאַכט פעלד צוגענומען. ווער קען געדענקען וואָס איך האָב גערעדט. וואָס קען רעדן אַן אומגליקלעכע מוטער, ווען זי דאַרף ראַטעווען אירע קינדער. און איך האָב אים איבערגערעדט. גערירט פון מיין יאָמערן און בעטן האָט ער ענדלעך, נאָך אַ שווערן ישוב-הדעת זיך אַנטשלאָסן מיינע ביידע מיידעלעך צו זיך צו נעמען. אונזער גאַנץ פאַרמעגן איז צו דעם פּאָליאַק אריבער און איך בין געבליבן אַליין. אליין, ווידער אַ גליקלעכע. מיינע קינדער זענען אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

לאַנג האָט געדויערט מיין אַליין זיין? איך געדענק נישט. בכלל ווער האָט דאַן געציילט טעג, נעכט, די געוואַלטן, געשרייען, די ליידן און פּיין, דער לויערנדיקער טויט. די לאַגע אַן שום האָפענונג און אויסזיכט. ווער קען זיך דען פאַרשטעלן אונזער צושטאַנד דאַן? אפילו די אַלע, וואָס האָבן דאָס איבערגעלעבט,

פאַרשטייען יעצט גאָרנישט, ווי אַזוי „דאָס" איז פאָרגעקומען.
ווו האָבן זיי דעם כח גענומען דאס אַלץ איבערצוטראָגן?

אָבער איך, אין מיין גרויסער עלענד, פלעג זיך כסדר קלאָ־
מערן אין אַ ענגאָאיסטישן געדאנק, ובפרט דאן, ווען די קינדער
אַקציעס זיינען פאָרגעקומען, אַז איך נישט, אָבער מיינע קינדער
זענען געראטעוועט. איך בין די אויסגעקליבענע, די גליקלעכע.
אָבער צום סוף איז געקומען דאס, וואָס האָט באַדאַרפט קומען,
וואָס מיר האָבן יעדן טאג דערוואַרט. אויך אויף אונז איז די ריי
געקומען."

עס איז געווען א טריבער, וואָלקענדיקער טאג, פונקט ווי
מען שרייבט אין די ראָמאַנען. אַ טאג צוגעפאַסט צו אונזער
געמיט. אַ בייסיקער, געדיכטער רעגן האָט אונזער גורל באַוויינט
און באַגלייט אונז אין לעצטן וועג. און מיר זיינען געגאַנגען. אַלט
און יונג, איינער האָט דעם אַנדערן נישט אנגעקוקט.

און באַלד נישט ווייט, אפשר אַ קילאָמעטער אונטער דער
שטאָט, איז אַ וועלדל געווען. אַלע האָבן מיר דאָס וועלדל געקאָנט.
זומער פלעגן מיר אַהין שפּאַצירן גיין. ל"ג בעומר פלעגן אונזערע
קינדערלעך דאָרט ביידלעך אויפשטעלן און דעם פרילינג יום־
טוב פייערן. אַ שטיל, קליין, שאטנדיק וועלדל איז עס געווען
און אַהין האָט מען אונז געפירט. נישט געפירט נאָר געטריבן
ווי מ'טרייבט אָקסן צו דער שחיטה. און מיר זיינען געגאַנגען און
געגאַנגען דעם לעצטן וועג אונזערן. קיין געוויין, קיין געשריי,
כאָטש אַלע האָבן געוווסט וואָס ס'דערוואַרט זיי. פאַר קיינעם איז
דאס קיין סוד נישט געווען. און דאך איז מען שטיל געגאַנגען. צו
איז דאס געווען דערפאַר, וואָס מען האָט געוווסט, אַז קיין רעטונג
איז נישטאָ. נישט פון גאָט און נישט פון מענטשן. צו איז דאס

לעבן שוין אַזוי נמאס געוואָרן, אַז דער טויט איז ניחא געווען? געגאַנגען איז אַן עדה מענטשן. געזונטע, שוואַכע, אַלטע, יונגע, קליינע קינדער. אַלע שווייגענדיק, פֿאַרהיפּנאָטיזירט פֿון אַרום שוועבענדיקן טויט. און אַזוי לאַנג איז די ריי געווען, אַז ווען די ערשטע זיינען שוין דערשאָסן געוואָרן און אין גרוב געפֿאַלן, זענען נאָך די לעצטע רייען געגאַנגען.

ווען איך בין איינע פֿון די לעצטע צום גרוב אַ נאַקעטע צוגעקומען, איז דער גרוב שוין כמעט פֿול געווען. מענטשלעכע קערפּערס, הענט, פֿיס, קעפּ, בלוט... רויט... איבעראַל און אויף אַלץ בלוט. אין גרוב און ארום אים. אלע בוימער זענען געווען באַשפּריצט מיט פֿריש בלוט. און נישט בכח איז געווען דער דראָבנער רעגן דאָס בלוט אָפּצוּוואַשן און אויסמישנדיק זיך מיטן רעגן זיינען גאַנצע קאַליוזשעס געשווומען און עפּעס האָט געברילט און געקרעכצט און געראַוועט. נישט קיין מענטשלעכע כּוחות. חיות פֿון וואַלד האָבן געברילט. איך בין געגאַנגען. נישט געגאַנגען, נאָר געיאָגט פֿון קלעפּ בין איך געלאָפֿן. פֿאַר די אויגן האָבן רויטע פֿייערן געפֿונקלט און זיי פֿאַרבלענדעט. און שוין פֿינסטער... דאַכט זיך מ'האָט געשאָסן. איך בין געפֿאַלן. אָבער איך האָב אַלץ געפֿילט, געזען.

עפּעס האָט זיך געוואָרפֿן נעבן מיר, אונטער מיר, עמיצער האָט מיר אין פֿוס אַ ביס געטאָן. איך האָב מיין פֿוס אַרויסגעריסן און זיך איבערגעקייקלט אויף אַן אַנדערן עק. דאַכט זיך אין אַ מויל, אַ מענטשלעכעס בין איך מיט דער האַנט אַריין. איך האָב מיין האַנט שנעל אַוועקגענומען און ווידער אַנגעטראָפֿן אויף עפּעס גליטשיקס. אַן אויג, אַ מענטשלעכעס אויג. איבעראַל אויגן, ליפּן. דאָ קוקט אַרויס אַ קאָפּ און ליפּן באַוועגן זיך. אָט

אַ מויל עפנט זיך און ציין ווייסע, געזונטע, קריצן און בייסן. און אויגן משוגענע קריכן אַרויס. און דאָרט פּלוצים אַ פּוס. איין פּוס האָט זיך אַרויסגערוקט און פּאַטשט און וואַרפט זיך אין קאנוולסיע. און דאָרט אין אַ ווינקל אַ קינד אַ קליינס, האַלט אַ פינגערל אין מויל און קוקט אַ לעבעדיקס, אין גאַנצן אַ לעבע־דיקס. און פון אויבן פאַלן נאָך מענטשן אין אַ זייט. נישט אויף מיר. איך זע אַלץ, איך פיל. איך לעב.

און פּלוצלינג צעשטורעמט זיך דער רעגן און הייבט אָן גיסן שטאַרקער און שטאַרקער. און וואָס האָט געטראָפן? מער ווייס איך גאָרנישט. אויפגעכאַפּט האָב איך זיך אין אַ טייך פון בלוט. אַרום איז געווען גאַנץ פינסטער. דער גרוב אָן אָפּענער, איבער־געפילט מיט נאָך וואַרימע, מענטשלעכע קערפּערס. קיינער איז מער נישט געווען. דער שטורם האָט פאַרטריבן די מערדערס. דער גאַנצער גרוב האָט אויסגעזען ווי אַ פאַרשימער טייך. פון ערגעץ ווו האָבן זיך נאָך געהערט ווייטוקפולע קרעכצן. עפּעס איז צו מיר צוגעשווימען און זיך אָן מיר אנגעקלאַפּט. איך קוק זיך איין. דאָס קינד מיט דעם פינגערל אין מויל. איך פיל, אַז איך ווער באַלד משוגע. איך פּרוּוו זיך רירן. מיינע פיס זענען גאַנץ. איך שטרענג אָן מיינע לעצטע כוחות. דאַכט זיך, אַז איך קריך. העכער, העכער. עפּעס סטערטשעט אַרויס. אַ שפּיץ פון אַ קאַרטש צו אַ בוים, איך כאַפּ זיך אָן. נאָך אַן אנשטרענגונג און איך בין אַרויס פון גרוב. מיינע הענט זענען פאַרשטאַרט. די האָר צוזאַמענגעקלעפּט פון בלוט. און אונטן אין רוקן, אַביסל אין דער זייט אַ ברענענדיק ווייטאָג. אַ דין רינטשקעלע בלוט רינט זיך פאַ־מעלעך פון דאָרט. און פּלוצלינג הייב איך אָן לויפן. וווּהין? איך ווייס נישט. איך ווייס נישט וואָס מיט מיר טוט זיך. עפּעס אַ מאָדנע טעמפּקייט.

און גאָר אומדערוואַרטעט דערזע איך זיך נעבן דעם הויז פון דעם פּאָליאַק. אינסטינקטיוו, לויפנדיק אַזוי בין איך אַהער, אויף דעם באַקאַנטן וועג פאַרלאָפן. איך בלייב שטיין. דער הונט אין הויף הויבט אָן צו בילן. ווייסט אויס זיך דערשראָקן פאַר מיין געשפענסט. אין פענסטער באַווייזן זיך דערשראָקענע פּנימער און פאַרשווינדן. איך שטיי אַ נאַקעטע אין גאַנצן באַפאַרבט פון בלוט און שטיל ווי אַ חיה סקאמליע איך אין זיך.

ס'עפנט זיך אַ טיר. מ'האָט מיך דערקענט. אין דרויסן טאָגט. דער רעגן האָט אין גאַנצן אויפגעהערט. עמיצער נעמט מיך פאַר דער האַנט. מ'פירט מיך אין הויז, דערנאָך אויף טרעפּ אונטן אין אַ קעלער. איך זע שוין גאָרנישט. די אויגן כמעט אין גאַנצן פאַרקלעפּט פון בלוט.

די פרוי איז אנטשוויגן געוואָרן. איך בין געזעסן שטיל דער־שלאָגן. גאָטעניו, ווי האָב איך געקענט אַזוי נישט דעליקאַט זיין און די פרוי אויף אַזעלכע דערינערונגען אַרויספירן? אָבער ווי אַזוי יעצט אָפּשטעלן די לויפענדיקע ווערטער? און איך האָב אויך געשוויגן און געוואַרט. מען האָט וואַסער געבראַכט, האָט די פרוי ווייטער אָנגעהויבן:

מ'האָט מיך לאַנג געוואַשן, די ווונד איבערגעבונדן. קיין דאָקטאָר האָט מען דאָך נישט געקענט רופן. פינף מאָנאַט בין איך ביי דעם פּאָליאַק געווען. פינף גליקלעכע מאָנאַטן. צוזאַמען מיט מיינע קינדער, וועלכע מ'האָט פון באַהעלטעניש צו מיר גע־בראַכט. אָבער צו גרויזאַם איז די צייט דאַן געווען און אויך מיין גליק האָט זיך געענדיקט. מ'האָט אונז אויסגעשפּירט. עמי־צער האָט געמסרט און מיך מיט מיינע צוויי קינדער האָט מען פון קעלער אַרויסגענומען און אין אַן אַרבעטס־לאַגער אַוועקגעפירט.

ווי מיר האָבן געלעבט? ווי געאַרבעט? דאָס איז דאָך גישט וויכטיק. ווי אַלע אַנדערע אַזעלכע ווי מיר.

נישטאָ קיין פאַרגלייך צו דעם פּיין און לייד, צו דער אוממענטשלעכער דערנידערונג. אָבער אפילו אָט דאס לעבן האָט פיל גישט אנגעהאַלטן. צו לאַנגזאַם איז געווען אונזער אונטערגאַנג און צו ווייניק זענען מיר אומגעקומען. שנעלער האָט באַדאַרפט אַלץ אַדורכגיין. און גיך איז געקומען די לעצטע סטאַדיע: אוישוויץ, גאַז, קרעמאַטאָריום. ווידער געיאגט. די וואַגאָנען אנגעפּאַקט ווי הערינג איינער אויף דעם צווייטן. דאכט זיך אָט באַלד ווערט מען דערשטיקט. און נאך שטופּט מען, נאך פּאקט מען סקעלעטן. ענדלעך, ווערט די טיר פאַרקלאַפּט און פאַרריגעלט. צוגויפּגעדריקטע מענטשן שטיקן זיך און ווערגן, נישט קענענדיק דעם אטעם איבערכאַפּן. נאך לאַנגע שעה'ן האַרצרייסנדיקע געוואַלטן, געשרייען האָט ענדלעך דער צוג גערירט. פאַרשטיינערט, צוגויפּגעדריקט בין איך געשטאַנען און מיינע קינדער מיט ביידע הענט אַרומגענומען.

ס'איז טונקל געוואָרן, די נאַכט איז צוגעפאַלן. און פּלוצלינג ספּאָנטאַן איז אַ באַשלוס געפאַלן. מ'דאַרף פון צוג שפּרינגען! אנווערן איז נישטא וואָס. במילא דערוואַרט דער טויט דאַרף מען נאָך פּרובירן. און באַלד באַשליסט מען. די קינדער שטופּט מען פאַרויס. איך הייב אָן פיבערהאַפּט אַרבעטן. פון מיינע שמאַטעס, קליידער רייס איך שטיקער, כדי אַ שטריק צו מאַכן. עס געלינגט. נאך אַביסל, מ'גרייט זיך. איך בינד מיט די שטריק מיינע קינדער אן און מ'וואַרפט זיי אַרויס דורכן פענסטער. 16 מענטשן זיינען מיר אַרויסגעשפּרונגען. פאַלנדיק האָב איך זיך אָן אַ סלופּ אנגעקלאַפּט און ווייסט אוים אויף אַ מינוט דאס באַוווסטזיין פאַרלאָרן, ווייל ווען איך האָב די אויגן גע-

עפנט, האָב איך דערזען מיין עלטערע, 8 יאריקע טעכטערל, וועלכע איז געבן מיר געשטאַנען. זי איז געגאַנגען אין דער אָפּגערעדטער ריכטונג און האָט מיך געטראָפן ליגן.

„איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט טויט" — האָט זי מיר ערנסט אַז טרערן געזאָגט. איך האָב זיך קוים אויפגעהויבן." די אייטערדיקע ווונד אין דער זייט האָט שטאַרק געברענט. מיר זענען געגאַנגען צוריק, זוכן מיין קלענער מיידעלע. לאַנג האָבן מיר זי געזוכט, ביז ענדלעך, צווישן די רעלסן, אָן אַ זייט האָבן מיר זי דערזען ליגן צונויפגעקארטשעט. ווען איך האָב זי געוואָלט פאַר דער האַנט נעמען, האָט זי אנגעהויבן קרעכצן. דעם קינדס הענטל איז געווען צעבראָכן. אָבער שטיין האָט מען נישט געקענט. מיר האָבן זיך געלאָזט צום וואַלד. נאָט ווייסט וויפיל מיר האָבן נאָך געוואַנדערט און ווו מיר האָבן גענומען כחות. איך מיט מיין אָפענע ווונד, מיין 8 יאריק מיידעלע און דאָס 6 יאָריקע מיט דער צעבראָכענער האנט. מיר זענען געגאַנגען און געגאַנגען טיף און ווייט אין וואַלד. ביז מיר זענען אויסגעשעפּטע אונטער אַ בוים אַנידערגעפאַלן. קיינער פון אונז האָט קיין קרעכץ ניט געטון. איך בין ווידער געווען גליקלעך. איך בין געווען אויף דער פריי און מיט מיר מיינע קינדער!

פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט נישט ווייט פון אונז מענטשן רעדן. מיר האָבן דערקענט די רוסישע שפּראַך. ווי געשטאַרבענע זענען מיר געלעגן. געדאַנקען האָבן זיך געמישט ביי מיר אין קאָפּ. ווער איז דאָס? פריינט, ביי וועלכע מיר וועלן קענען הילף באַקומען, צו שונאים, וואָס לויערן אויף אונזער לעבן און וועלן אונז פאַר אַ פלאַש בראָנפן פאַרקויפן? איך האָב באַשלאָסן וואַרטן, נישט גיין ווייטער. ווען עס איז ליכטיק געוואָרן האָבן זיי אונז דערזען. און העל און הויך האָט דאָן מיין שטערן אויפגעע-

לויכטן.אויף רעטערס האָבן מיר אנגעטראָפן. אמתע פּאַרטיזאַנער, נישט קיין באַנדיטן.

זיי האָבן אונז אין אַ פּאַלאַטקע אַריינגענומען. עסן געגעבן. באַלד האָט אַ דאקטאר דעם קינד דאס הענטל איבערגעבונדן. מיר די ווונד און... וואָס איך האָב זיך גאָרנישט פאָרגעשטעלט, נישט געקענט אפילו חלומען: נאך דריי טעג איז אַן עראָפּלאַן געקומען, האָט אונז אַלע אַרויפגענומען און קיין רוסלאַנד אָפּגעפירט. מיך האָט מען באַלד אָפּערירט, דריי ריפּן אויסגעשניטן. מיין קינד די האַנט פאַרגיפטעוועט.

נו, און דערנאך?

דערנאך ווי אַלע. מיר האָבן געלעבט, געאַרבעט, און וועגן אומקערן געחלומט. אַ היים! וואָס פאר אַ צויבער וואָרט איז דאס די היים. אויך מיר האָבן געטרוימט. האָבן מיר זיך אומגעקערט. געקלערט האָט מען, אפשר... אפשר איז פאָרט עפּעס געבליבן. אָבער צו אונזער גרויסן אומגליק, געטראָפן האָט מען חורבות. שטיינער פאַרפלעקטע מיט בלוט פון אונזערע קדושים. חורבות, אונטער וועלכע ס'האָבן אונזערע טייערסטע זייערע אייביקע רו געפונען. און מיר זיינען ווי משוגע פון דאָרטן געלאָפן. מיר זיינען אַהער געקומען, ווייל פון דאנען וועט דאך אמגרינגסטן, אמניכסטן זיין, ענדלעך, צו אונז, אין אונזער אַלטער היים קומען. אין אונזער איינציקער, נאך געבליבענער היים.

אָבער ליידער, אויך דא דאס זעלבע. לאַגער... ערד, אויסגעמישט מיט אש פון די פאַרברענטע קערפּעס, פון אונזערע טייערסטע. ווידער בלוט און אומגערעכט און מערדערס ארום. און ווו איז דער סוף צו אונזערע צרות און ליידן! ווען? ווען וועט מען אונז אויפהערן פּייניקן.

אַ היסטערישער געשריי האָט זיך אַרויסגעריסן פון האַרץ פון דער פרוי און איז פאַרשטומט געוואָרן.

אָבער פּלוצלינג האָט זי זיך פאַרכאַפּט און פאַרשולדיקט אומגעקוקט. אנטשולדיקט, האָט זי שטיל געזאָגט. די דערינגע־רונגען, די רעגן אזוי אויף. מ׳פארגעסט זיך אין גאנצן. ווייל איינגעטלעך מאָר איך זיך גאָרנישט באַקלאָגן. מיינע קינדער זע־נען מיט מיר. איך האָב אַ מאַן. איך בין דאך פון די איינציקע גליקלעכע.



# דער ייד „ע ל י“

„צען טויזנט מאַרק, אַ מעטער זאַלץ און פינף ליטער בראָנפן, דעם, וואָס ברענגט אַ טויטן אָדער אַ לעבעדיקן דעם ייד „עלי“, וועלכער באַהאַלט זיך אוים מיט זיינע צוויי מיידע־לעך; איינס 8 יאָר, דאָס אנדערע10 יאָר אַלט“.

אַזאַ מודעה איז געהאנגען אויף אַלע ווענט און סלופעס, אין שטאָט און אין דאָרף. דער ייד „עלי“ און זיינע קינדער האָבן אויף זיך געהאַט צוויי גרויסע חטאים.

ערשטנס, ווייל זיי זיינען יידן, צווייטנס, ווייל זיי האָבן זיך דערלויבט לעבן דאָן, ווען זיי, די דייטשן האָבן בפירוש ארויסגעגעבן אַ באַפעל „אַז אַלע יידן מוזן שטאַרבן“.

אַזוי דערציילט מיר דער ייד „עלי“, מיט וועלכן איך האָב זיך צופעליק באַגעגנט אין צוג צווישן רייכענהאַל און מינכען. גאַנץ צופעליק זיך צוזאַמענגעטראָפן און צופעליק זיך צערעדט. אַ יונגער מענטש, אומגעפער אין די 40, געגוי האָט מען זיינע יאָרן נישט געקענט אָפּשאַצן. אַ הויכער וווקס, ברייטע פּלייצעס, אַ ברייט נישט יידיש פּנים, מיט 2 בלויע אויגן. גיכער ענלעך צו אַ אוקראַאינער, ווי צו אַ ייד.

„דריי אַ האַלב יאָר בין איך אין וואַלד געווען מיט מיינע 2 קינדער", אַזוי דערציילט מיר דער ייד „עלי". „די פרוי מיט די אנדערע 2 זיינען אומגעקומען. מיר האָבן זיך צעטיילט. ניט ווייסנדיק, ווי עס וועט זיין בעסער, איז זי געבליבן און איך מיט די צוויי קינדער בין אוועק אין וואַלד".

„זענט איר געווען אלס פּאַרטיזאַנער?" — פרעג איך.

„נאָר דאס לעצטע יאָר" — ענטפערט ער איינפאַך. „צוויי אַ האלב יאָר בין איך געווען אליין מיט די קינדער, טאקע אין דער געגנט פון מיין שטעטעלע. נישט מער, ווי אַ דריי קילאָמעטער".

ווי אַזוי זשע האָט איר זיך אויסבאַהאַלטן, ביי אַ גוי? ווער אויסבאַהאַלטן! אלע מאָל בין איך אויף אַן אנדער אָרט אין וואַלד איבערגעגאַנגען. באַיארעס, זומפּן. דאכט זיך, אַ מענטש־לעכער פוס האָט נישט געקענט אהין קומען. און מיר פלעגן אדורך און זיך אויסבאַהאַלטן.

נו, און ווינטער, ווי האָט איר איבערגעטראָגן די ווינטערס? — פרעג איך דערשראָקן.

דער דערציילער צעפירט מיט די הענט. „גלויבט מיר, אַז איך וויים אליין נישט, ווי אַזוי מיר האָבן דאס איבערגעטראָגן? נאַקעטע, הונגעריקע, אויף דעם הוילן שניי. און נישט קיין הוסט געטון, קיינער האָט זיך נישט פארקילט. נאָר דער קערפּער איז געווען געשוואָלן, די אויגן, דאס פּנים צעאקערט און די הויט צעפלאצט פון קעלט. פון די באַקן און ליפּן האָט כסדר בלוט געררונען. און ווער ווייס? אפשר איז מען געווען קראַנק, אָבער וועגן דעם האָט מען בכלל נישט געטראכט. דער עיקר איז געווען צו קריגן עפּעס צו עסן, אביסל שטרוי צום שלאָפן און זיין ווייט פון מענטשן. ווי אַזוי האָט מען די יאָרן איבער־געלעבט? איך קען דאס יעצט נישט באַגרייפן. ובפרט נאָך דעם

ערשטן ווינטער. אויב איר געדענקט דאס 42 יאָר? ... אַזעלכע פרעסט האָט מען שוין לאַנג נישט געדענקט. עפּעס אַזוי, ווי אויך ער, אונזער גאָט, האָט זיך פון דער אַרומיקער שטימונג אָנגעשטעקט און איז אויך געוואָרן אַ פאַרבונדעטער אין דעם אויסראָטונגס־קאַמף. איז זיינען מיר טאַקע פון די פרעסט ווי פליגן געפאַלן אין די וועלדער און פעלדער.

אין אָנהויב האָב איך נאָך קיין דערפאַרונג נישט געהאַט. האָב איך זיך צווישן באַקאַנטע פויערים געדרייט אין די שייערן, סטאָדאָלעס, אויף סטויגן היי. צו קיין רייכן גוי האָט מען נישט געקענט אַריינקומען, ער וואָלט באַלד אויסגעגעבן. אויב זיך שוין ערגעץ וויזן, איז נאָר ביי אַן אָרימאַן. וועלכער האָט מיך געקענט פון פריער, האָט געדענקט מיין מאַנופאַקטור געשעפט און וועלכער האָט געקלערט, אַז היינט, מאָרגן, גייט דער דייטש אוועק און דאַן, וועט ער ווידער דאַרפן אָנקומען צו מיר. אָבער מער ווי איין נאַכט האָב איך אויף איין אָרט נישט געקענט זיין. דערנאָך, אין וואַלד, בין איך געפאַלן אויף אַזאַ המצאה: איך פלעג ביינאַכט אָנקלאַפּן אין אַ פענסטער פון אַ שטוב, ווו איך האָב געוווּסט, אַז קיין סך מענער זענען נישטאָ. איך פלעג זיך פאַרשטעלן אלס אָנפירער פון 20 פּאַרטיזאַנער, וועלכע וואַרטן דאָ, אונטערן דאָרף און אויב מען גיט מיר נישט קיין עסן, צעטראָגן מיר באַלד דאָס גאַנצע דאָרף.

מיין ווילד אויסזען, מיינע משוגענע אויגן, האָבן אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף די אָנוועזנדיקע. איר דאַרפט וויסן, אַז ביי יעדן אַזאַ אָנפאַל אויף אַ שטוב, פלעג איך שטעלן אין קאָן אַלעס און במילא וואָס האָב איך געהאַט אָנצווווערן? ... מיין לעבן איז סיי ווי געהאָנגען אויף אַ האָר. איז מיר שוין געווען אַלץ איינס.

געגומען האָב איך, וויפיל איך האָב געקענט פאַרטראָגן. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איך האָב אויף אַלע אַרום אַזאַ פּחד אָנגעוואָרפן. אַז ווען 2 פויערים פלעגן זיך צעקריגן, האָבן זיי זיך געשאָלטן: „דאי באָזשע, שטשאַב צעי נאַטשי עלי דא טעבע פרישאוו". (הלואי זאָל עלי צו דיר היינט ביינאַכט קומען.)

איז דאָן האָט מען אַרויסגעגעבן דעם באַפעל: 10 טויזנט מאַרק, אַ מעטער זאַלץ און 5 פלעשער בראָנפן פאַר מיר, אַ לעבעדיקן, אָדער אַ טויטן. אַ באַקאַנטער פויער האָט מיר דעם אויפרוף געוויזן. איך בין דעמאָלט, ביינאַכט ביי אים אין שייער געווען. געקומען בין איך מיט ביידע קינדער, אינגאַנצן בלויע געשוואָלענע. געקומען איינפאַך שטאַרבן. מער האָב איך נישט געקענט איבערטראָגן דעם הונגער, די קעלט, צוזען דעם פיין פון די קינדער.

וויפיל מאָל האָב איך חרטה געקריגן, וואָס מיר זיינען נישט געבליבן און מיט אַלע צוזאַמען נישט אומגעקומען. אָבער דער אינסטינקט פונעם לעבן! דאָס איז עפּעס אומבאַגרייפלעכעס! עפּעס אַזוינס, וואָס מען קען גאָרנישט מיט ווערטער איבערגעבן.

ווען דער פויער איז געקומען מיט דער מודעה וועגן דעם לוין פאַר מיין קאָפּ, האָט ער באַפוילן, אַז שוין זאָל איך פאַרלאָזן זיין סטאַדאָלע, ווייל אַלע, דאָס גאַנצע דאָרף, האָבן זיך געלאָזט מיך זוכן. מיר האָבן זעער שטאַרק אָנגעהויבן וויינען, בעטן, ער זאָל לאָזן ביז עס וועט פינסטער ווערן, אונז ביי אים בלייבן. יעצט, ווען איך גיי אַרויס, הרגעט מען מיך באַלד. אָבער דער פויער האָט נישט געוואָלט הערן. „דיר איז טייער

דיין לעבן, מיר מיינס" — האָט ער געטענה'ט. „טרעפט מען דיך יעצט דא, שיסט מען אונז אלע אויס".

דאן האָב איך זיך אװעקגעלייגט און גאנץ גלייכגילטיק צו אים געזאָגט: „װי דו װילסט, װילסטו אונז אומברענגען, גיי רוף דאס דארף, מיר רירן זיך נישט יעצט".

דער פויער איז אװעק אין הויז, זיך בעראטן מיטן װייב. באַלד איז ער געקומען צוריק. „נו, גוט, בלייב ביז ביינאכט, נאָר געדענק, װי עס װעט נאָר פינסטער װערן, מוזטו גלייך אװעק פון דאנעט. און די קאָלדרע לאָז מיר איבער.

דאס איינציקע פארמעגן, װאָס מיר האָבן נאָך פון אונזער שטוב געהאט איז געװען אַ זיידענע קאָלדרע. מיט איר פלעגן מיר זיך אלע דריי צודעקן.

איך האָב געשװיגן. לאנג האָט זיך דער טאָג געצויגן. ענד=לעך איז דאָך די נאכט געקומען. אָבער דער שניי האָט זי צו אַ העלן פארנאכט געמאכט. איך האָב זיך איינגעהילט אין דער קאָלדרע און בין ארויס. באַלד אונטער דער סטאדאלע האָבן זיך אָנגעהויבן די פעלדער. דער פראָסט איז געװען אזוי שטארק, אַז ער האָט מיר דעם אָטעם פארכאַפּט. איך בין אַ װיילע גע=בליבן שטיין.

פלוצלינג האָט אַ שרעקלעכע זאַװיערוכע אָנגעהויבן רייסן אַזוי, אַז דאס הויז, עטלעכע טריט פון שייער, האָט מען נישט מער געזען. װו גייט מען?... װו זוכט מען אין דער נאכט אַן אָרט פאר מיר, מיט מיינע צװיי קינדער?.. איך האָב אויפ=געהויבן די אויגן צום הימל, געװאָלט האָב איך אונזער גאָט אויפזוכן, אַן עצה פרעגן. אָבער קיין הימל איז נישט געװען. נאָר זאַװיערוכע מיט שניי, שטעכעדיקע װי נאָדלען. איך בין אריין אין דעם געװירמעל פון שניי. אריין, װי אַ געשפּענסט,

אַ שר פון די הרי החשך. אַזוי האָב איך זיך געפילט. איך האָב אָנגעהויבן לויפן. אינסטינקטיוו, כדי ניט געפרווון צו ווערן. און פּלוצלונג, ניט דערזען, נאָר דערפילט, מיט עפּעס אַ פרעמדן אינסטינקט, אַ חיה'שן, אפשר אַ קילאָמעטער ווייט, דאַכט זיך, אַז אַ פייערל האָט אַ בליץ געטון. דאָס זוכט מען מיך! האָט מיר אַ געדאַנק אָנגעשלאָגן. אין טאַקע באַלד האָב איך דערפילט, אַז עס ציטערט די ערד... דאָס פאָרן פערד! פּאָליציי, וווהין לויפן! און איך דערמאָן זיך: דאָ ערגעץ דאַרף זיין אַ בריקל. איך מוז דערלויפן און זיך אונטן באַהאַלטן. אָבער לויפן קען איך שוין ניט. מען וועט מיך דערזען. איך לאָז זיך אַראָפּ אויפן שניי און הויב אָן קריכן אויף אַלע פיר. און טאַקע באַלד דערזע איך דאָס בריקל. איך קייקל זיך גלייך אַרונטער און קלעב זיך ערגעץ צו אַ סלופּ צו. יעצט הער איך שוין דייטלעך. עס פאָרט פּאָליציי אויף פערד. מ'הערט זיי הויך רעדן און לאַכן. ווייזט אויס, שכור. אָט נאָך אַ מינוט און זיי זענען שוין ביים בריקל. געוויס וועלן זיי מיך דערזען. אַ שוואַרצער פלעק אויף דעם ווייסן שניי. איך גראָב איין דעם קאָפּ אין שניי. אָרעמע קינדער מיינע, וואָס וועלן זיי יעצט טון? אַזוי עלנד, אַליין. די פערד זענען שוין אין גאַנצן נאָענט. איך הער דעם טריט פון די קאָפּיטעס. איך פאַרמאַך די אויגן, ניט זען... זיי זאָלן כאָטש באַלד שיסן... ניט מוטשען...

צי האָב איך פון שרעק געחלשט, צי אַזוי פאַרטעמפּט געוואָרן, ווייס איך ניט. ווען איך בין געקומען צו זיך, זענען זיי שוין געווען ווייט איבערן בריק. ניט דערזען... געראַטעוועט... און וואָס יעצט? וו גייט מען? איך מוז דאָך געפינען אַן אָרט פאַר די קינדער! די נאַכט גייט און איך האָב נאָך קיין אָרט ניט געפונען. וווהין זאָל איך גיין, צו וועמען?

איך קריך ארויס פון אונטערן בריקל. ארום הוזשעט די זאווערוכע. ס'טאנצט דער שניי אַ שדים טאנץ. און איך ווילדע, געיאָגטע חיה אין מיטן. איך גיי צוריק. צוריק צום פויער אין סטאדאלע. נאָך היינט דארף איך צונעמען די קינדער. און ווו וועל איך זיך מיט זיי אהינטון?

איך גיי לאנגזאם צוריק. דער וועג צו דער סטאדאלע איז פארשאָטן. שטילערהייט גנבע איך זיך אריין אינעווייניק. די קינדער, פארגליווערטע פון שרעק און קעלט, באַגעגנען מיך מיט פארשטיקטע טרערן. דער פויער האָט זיי געזאָגט, אַז מען האָט מיך שוין געוויס געשאָסן, ווייל פּאָליציי איז פּונקט געפאָרן מיך זוכן. גלייך קומט ארויס אויך דער פויער. „גו, יעצט פארנעמט זיך און גייט". — ווענדעט ער זיך צו אונז — „אַז ניט, האָסטו מיין וואָרט, איך גיי באַלד דיך אויסגעבן. איך וויל נישט אומקומען צוליב אַ ייד".

איך ליג ווי געשטאָרבן. „וואַרט אַ מינוט" — זאָג איך שטיל „איך וועל נאָר אָפּעטעמען, גייען מיר אוועק. און איך האָב טאקע אַזוי באַשלאָסן. בעסער פארפרוירן ווערן אין פעלד, איידער זיך איבערגעבן אין די הענט פון די מערדערס. „נא, גוט, אָטעם אָפּ", ווילֿיקט איין דער גוי — נאָר די קאָלדרע וועסטו מיר איבערלאָזן, דיר איז אלצאיינס. במילא וועסטו וויים מיט די קינדער אין אַזאַ נאכט נישט אוועק. איר וועט סיי ווי פארפרוירן ווערן. איז וואָס דארפסטו פאַטערן אַזאַ גוטע קאָלדרע".

איך ציטער אינגאנצן. די איינציקע זאך, וואָס קען אונז אביסל ביים לעבן דערהאלטן איז די קאָלדרע. איך הויב אָן צו בעטן. „האָב רחמנות, וואָס וועל איך טון אָן די קאָלדרע! צוויי קליינע קינדער, נאקעטע, באָרוועסע, כאָטש אַ קליין ביסל

וועט דאָך דאס אונז באשיצן". דער פויער קלערט אביסל. „גוט, זאָגט ער, איך וועל דיר געבן מיין אלטע קאָלדרע. פאר דיר גע־נוג און דיינע לאָז דא איבער".

טון האָב איך במילא גארנישט געקענט, האָב איך צוגע־שטימט. דער פויער האָט מיר ארײַנגעטראָגן עפּעס אן אלטע שמאטע און אַ פּאָר פּאסטאלעס פאר מיין קלענער מיידעלע.

מיר זענען ארויס פון שייער. אין ביידע זייטן מיט ביידע הענט האָב איך געהאלטן מיינע קינדער. וווהין צו גיין האָב איך נישט געקלערט. מיר זענען געגאַנגען פאָרויס, ווו די פיס האָבן געטראָגן. געזען האָט מען גאָרנישט. דער הימל מיט דער ערד האָבן זיך צוזאמענגעגאָסן און אויסגעמישט אין איין ווייסן געמיש פון שניי. דער ווינד האָט געיאָגט און נישט געלאָזט גיין. יעדע ווײַלע איז אן אנדער קינד געפאלן. און זיך צוריק אליין אויפגעהויבן. קיין געוויין, קיין קרעכץ האָט מען נישט געהערט. ווי לאנג מיר זענען אַזוי געגאַנגען, ווייס איך נישט. קאַלט איז אונז שוין נישט געווען. פון אונז האָט זיך געטראָגן אַ פּאַרע ווי אַ קליינער וואָלקן. איך האָב זיך באמיט מיינע נערוון צו באהערשן. איך מוז דאך אליין אלץ באשליסן. עס גייט דאך אין לעבן פון מיינע קינדער!

איך פיל, ווי די קינדער ווערן וואָס אמאָל שווערער אין גאנג. איך פיל, אַז זיי זענען צוזאמענגעבראָכן. מיין הארץ ווערט צעריסן פון ווייטיק. אָבער איך הייב זיך אָן צו בייזערן. „וואָס שלעפּט איר זיך! שנעלער זאָלט איר גיין! און פעסטער! אויב נישט, וואַרף איך דא אייך בּאַלד אוועק און גיי אליין". איך פיל אַ שוואַכן דרוק פון מיינע קינדערס הענטעלעך. זיי פּרובירן נעבעך מיט די לעצטע כחות זיך אין מיר צו קלאמערן. איך פיל אָבער, אַז איך אליין פאל אויך באַלד אוועק.

און פלוצלינג גיב איך זיך אַ שלאָג אָן אין עפּעס אַ פּלויט! איך ווער פאַרציטערט. קוק זיך אַרום און דערזע אַ שייער אין מיטן פעלד: עס טרעפט אָפט אין אונזערע געגנטן, ווייטע שייערן מיט שטרוי און היי. ווייט אין פעלד שטייען זיי, כדי מען זאָל נישט דאַרפן מיטן אָפּגעשניטענעם היי ווייט פאָרן. די גאַנצע געביידע באַשטייט פון ווענט צוגויפגעפלאָכטענע, פון דינע צווייגן, מיט אַן אימפּראָוויזירטן דאַך אויך פון שטרוי און צווייגן. דער שייער, אָנגעפילט מיט שטרוי און היי איז כסדר אָפן. מיר גייען אַריין און גיבן זיך אַ וואָרף אויף דער ערד. אָבער לאַנג ליגן קען מען נישט. די קעלט דאַ, ווייזט זיך אויס נאָך שניידענדיקער ווי אין דרויסן. איך גיי אַרויס אַ קוק טון. די זאַוויערוכע איז ווי שטילער געוואָרן. ערגעץ ווייט, אפשר אַ האַלבן קילאָמעטער פון אונז דערזע איך אַ קליינעם שיין. ווייזט אויס די וווינונג פון דעם בעל־הבית פון דעם שייער. איך קום צוריק אַריין און הייב אָן שלעפן די קינדער, וועלכע זענען שוין אין צווישן איינגעשלאָפן. איך זע, אַז מיין שרייען און וועקן וועט נישט העלפן. זיי זיינען שוין האַלב פאַרפרוירן. איך כאַפּ די קינדער אויף די הענט און לאָז זיך לויפן. אַלע מאָל פאַל איך. איך פּרוּוו וועקן, שרייען, שלאָגן, אָבער זיי רע־אַגירן נישט אין גאַנצן. ווי אַזוי איך בין דערלאָפן, ווייס איך נישט. איך בין צו צום פענסטער פון שטיבל און אָנגעקלאַפּט. עמיצער האָט אַרויסגעקוקט. באַלד האָט זיך די טיר געעפנט. אַ יונגער פּויער האָט זיך באַוויזן. איך האָב נישט געקענט רעדן, נאָר אָנגעוויזן אויף די האַלב פאַרפרוירענע קינדער, וועלכע איך האָב אַוועקגעלייגט אויפן שוועל. דער פּויער איז געבליבן שטיין געפּלעווט. אָבער באַלד איז ער אַריין אין קיך. איך האָב געהערט ווי מען שושקעט זיך און פון קיך איז אַרויס אַ פרוי.

אין בײדע הענט האָט זי געטראָגן אַ טאָפּ מילך הײסע, נאָר וואָס פון אויוון. די מילך איז אזש ברוין געווען פון לאנג שטיין אין הייסן אויוון. דער פויער האָט ארויסגענומען א גרויס ברויט און אָנגעהויבן שנײדן גראָבע שטיקער. ער האָט זיך אונז גע־הייסן זעצן צום טיש. אָבער מיר האָבן זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. דאן האָבן זיי בײדע אונז דערלאנגט אהין, וווּ מיר זענען געזעסן. איך האָב גענומען אריינגיסן די הייסע מילך די קינדער אין מויל. ביסלעכווייז, פריער איינע, דערנאָך די צווייטע זענען זיי געקומען צו זיך.

אַ פּאָר שעה זענען מיר שוין אַזוי געזעסן אין דער קיך. די קינדער זאטע און אויסגעוואַרעמטע זענען אײנגעשלאָפן. אין דרויסן איז געוואָרן אַלץ ליכטיקער.

איך האָב געענדיקט. איך האָב אים אַלץ דערציילט, דעם פויער אפילו וויפיל מ'גיט פאר מיין קאָפּ. די פויערטע איז גע־שטאנען, זיך געהאלטן אין איין צלמען.

אַ ווײלע איז שטיל געווען. דער פויער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויף דער האנט און געקוקט אויף די קינדער. „נו, און וואָס דענקסטו יעצט? — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט. „פארשטייסט דאָך, אַז ווען אפילו איך וויל, איז נישטאָ דא קיין אָרט פאר דיר. ס'קומען אלערליי מענטשן".

„יאָ. איך האָב פארשטאנען. איך ווייס, דא נישט. אוודאי נישט נאָר, ווען ער, דער פויער, דערלויבט אונז דאָרט אין דער סטאדאָלע! אַזוי, ווי זי שטייט כסדר אן אָפענע, איז אפילו, ווען מען כאַפּט מיך, קען ער נישט זיין פאראנטוואָרטלעך. די סטאדאָלע איז ווייט פון שטוב, מאלע ווער עס קען אהין קומען".

דער פויער האָט אַ ווײלע געקלערט, נאכער האָט ער זיך מיט אַן ענערגישער באַוועגונג אויפגעשטעלט. „עס איז זעלבסט־

פארשטענדלעך, אויפן גאס קען מען דיך נישט ארויסוואַרפן. מיר זענען דאך נישט קיין גזלנים. מיר גלויבן אין „יעזוסן". זאָל זיין, ווי דו זאָגסט, אין דער סטאדאלע. אָבער איר וועט דאך פארפרוירן ווערן".

„אָ ניין, דו רעטער אונזערער!" — איך בין צוגעפאלן צו זיינע פיס. „דערלויב אונז נאָר! איך וועל דיר דאס קיינמאל נישט פארגעסן. מיר וועלן זיך אין שטרוי איינגראָבן...."

„ניין, אין שטרוי איז נישט גוט. איר וועט ארויפקריכן אויבן. דאָרט, אויפן שטרוי איז דאָ היי. זאָלט איר זיך טיף איינגראָבן. און דער עיקר ליגט שטיל. אָבער יעצט, ליידער, מוזט איר שוין אריבערגיין. אויפן גאס ווערט ליכטיקער. מ'דארף זיין פאָרזיכטיק."

איך האָב זיך אויפגעהויבן. איך האָב אויסגעטון מיין פעלצל, אונטער וועלכן איך האָב געטראָגן אַ נייע מארינארקע פון מיין אַנצוג, נאָך פון דער היים. איך האָב עס אויסגעטון און אים דערלאנגט. „נעם פון מיר אלס אנדענקונג", האָב איך אים געזאָגט. אָבער דער פויער האָט נישט געוואָלט. „דו דארפסט עס יעצט אליין האָבן" — האָט ער געזאָגט. איך האָב אים אָנגעהויבן בעטן. „די מארינארקע איז פון אַ גוטן שטאָף. יעצט דארף איך דאס נישט. ביי דיר וועט דאס זיין אַ יום־טוב בגד".

„יאָ, דאס רעדסטו ריכטיק" — האָט ער נאָכגעגעבן „אָבער". איך האָב אים נישט געלאָזט רעדן. „נעם, פריינט, איך גיב דיר פון גאנצן הארצן". דער פויער האָט ענדלעך איינגעשטימט, אָבער ער האָט מיר דערפאר געגעבן אן אלטע פו־טערנע „סווימקע", וואָס איז אונז די גאנצע צייט, שפעטער, זייער צוניץ געקומען.

איך האָב אָנגעהויבן וועקן די קינדער. די פֿויערטע איז געשטאַנען בײַם פֿענסטער און געוויינט. מיר זײַנען שנעל אי־בערגעלאָפֿן דעם האַלבן קילאָמעטער. עס איז שוין געווען גאַנץ ליכטיק אין דרויסן, אָבער ארום איז קיין מענטש, קיין לעבע־דיקער נפֿש נישט געווען.

מיר זײַנען ארײַן אין דער סטאַדאָלע און באַלד ארויפֿ־געקראָכן אויף דעם היי. טיף אין היי, ווײַט ווײַט האָב איך ווי אַ געצעלט געמאַכט. מיר האָבן זיך אויפֿגעקנוילט, אַלע דרײַ אינאיינעם און געבליבן ליגן.

— — — — — —

דרײַ און אַ האַלבן מאָנאַט זענען מיר בײַ דעם פֿויער אין דער סטאַדאָלע געלעגן. כמעט אַלע בײַנאַכט פֿלעגט ער אונדז ברענגען אַ טאָפּ הייסע זופּ, וועלכע מיר פֿלעגן אין זיך ארײַנ־גיסן. אָבער קאָרמען דרײַ מענטשן האָט ער דאָך נישט געקענט, נישט געווען בכח. איז האָב איך געמוזט פֿון צײַט צו צײַט זיך ארויסלאָזן זוכן עסן. מערסטנס פֿלעג איך גנבֿענען בײַ די חזירים. איך האָב שוין געוווסט, אין וועלכער צײַט דער רײַכער פֿויער האָדעוועט זײַנע חזירים, פֿלעג איך זיך ארײַנגנבֿענען אין חזיר־שטאַל, ארויסנעמען פֿון קאָריטע דאָס עסן, געקאָכטע קאַרטאָפֿל, געמישט מיט מעל און קלײַען. אַמאָל פֿלעג איך אויך געפֿינען שטיקלעך ברויט. דאָס אַלץ אין אַ שמאַטע צונויפֿגענומען פֿלעג איך ברענגען אין סטאַדאָלע. שלעכט איז נאָר געווען דאָס, וואָס ביז איך האָב דאָס אין דער סטאַדאָלע געבראַכט, איז דאָס עסן אין דער שמאַטע פֿאַרקילט געוואָרן און האַרט ווי אַ שטיין. מיר האָבן געמוזט פֿון דעם שטיקער אָפּהאַקן און אַזוי גאַנצע שטי־

קער אייז שלינגען. און ווען דאס „עסן" פלעגט קומען אין מאָגן אריין, האָט דאס געברענט און געבריט, ווי אַ שטיק פייער.

מיין דערציילער איז שטיל געוואָרן.

„האָט איר דעם פויער דערנאָך געזען?" — האָב איך געפרעגט „וואָס פרעגט איר? אַ שאלה צי איך האָב אים געזען. האָט נישט קיין דאגות, איך האָב אים גוט אָפּגעדאַנקט. אים האָבן די דייטשן דערנאָך פארשלעפּט קיין דייטשלאַנד. צו אונז זיינען דאָן די רוסן געקומען, האָב איך אַ גוטע שטעלע באַקו־מען. איר, דער פויערטע, פלעג איך פון כל גוטס אריבערטראָגן. איך האָב איר כמעט די גאַנצע שטוב איבערגעבויט. אַ בהמה און אַ פערד געקויפט. אז ער איז דערנאָך געקומען, דער פויער, האָט ער די שטוב נישט דערקענט.

זייט זיכער, מיר קענען באַצאָלן פאר אַ טובה. גוקם זיין זיך קענען מיר נישט. און דערפאר אפשר האָבן מיר ביי אלע אַזאַ פּנים, אָבער פאר אַ גוט וואָרט זענען מיר גרייט אָפּצוגילטן.

אָבער וואָס קומט פון דעם אלעמען ארויס? וואָס יעצט?...

איך האָב אייך דערציילט אַ קאַפּיטל פון מיין לעבן. אַ קאַפּיטל פון 4—3 חדשים, פון איין נאכט. איך האָב דאך אָבער אַזוי אָפּגעלעבט דריי מיט אַ האלבן יאָר!... טעג, שעהן, מי־נוטן, וואָס ציען זיך ווי אן אייביקייט. קען דען עמיצער זיך פאָרשטעלן מיינע איבערלעבונגען אין אַזעלכע 36 שעה, ווען איך בין געווען שוין כמעט געשטאָרבן, און פּלוצלונג צוריק לעבעדיק, און אפילו גליקלעך אויף אַ רגע געוואָרן? — דער ייד האָט אַ ווײלע געשוויגן.

דאס איז געווען אין אַ ווינטער נאכט, — האָט ער ווי צו זיך גערעדט — דער פראָסט איז געווען אַזוי גרויס, אַז די פּאָרע פון מויל איז פארפרוירן געוואָרן. מיר האָבן שוין צוויי

טעג נישט געגעסן ביז איך ארוים מיט מיין עלטערע טאָכ־טער. מיר זענען שוין דאן נישט ביים פויער געווען, נאָר אין אַ גרוב געלעגן. די קלייגע טאָכטער האָבן מיר אין גרוב געלאָזט. מיר זענען ארוים ערגעץ אַ חזיר־שטאַל זוכן. אין די הייזער האָב איך דאן מורא געהאט צו גיין. איז פלעגן מיר מערסטנס נאָר אויף די חזיר־שטעלער זיין אויסגעשטעלט. אָבער ווו מיר זענען געקומען, איז אלץ געווען פאַרשפאַרט און געשלאָסן, נישט זיך ארייגצובאַקומען. ביז אין איין אָרט, נעבן אַ שטאַל, האָט מיר מיין קליינע אָנגעוויזן אויבן, אין אַ וואַנט, אַז אָפגעריסן ברעט. מיר האָבן זיך פארשטאנען אָן ווערטער. ווען איך צי אראָפּ פון דעם קינד דאס פעלצל, וואָלט זי זיך אפשר אדורכ־געשטופּט. קלערן איז נישט געווען וואָס. דער הונגער, די פאַר־צווייפלונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן גלייך דעצי־דירט. איך האָב פון דעם קינד דאס לעצטע וואַרעמע שטיקל פעלצל אַראָפּגעצויגן, איר הויך אויפגעהויבן און אדורכגע־שטופּט דורך דעם לאָך פון אַראָפּגעריסן ברעטל. עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ פון אַראָפּגעפאַלענעם קערפּער. ביי מיר האָט זיך אין הארצן אָפּגעריסן. פארגעסנדיק ווו איך בין, האָב איך זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און דאס קינד צוריק גע־רופן. אָבער איידער איך האָב נאָך מיין אייגן קול דערהערט, האָב איך דערפילט... בכלל זיינען מיינע חושים דאן געווען אַזוי צוגעפּאַסט, אַז איך פלעג פריער דערפילן, ווי דערזען, אָדער דערהערן. איך האָב זיך אומגעקוקט און דערזען דעם בעל־הבית, אַ הויכן, געזונטן פויער מיט אַ האק אין דער האנט. ער איז געלאָפן גלייך צו מיר. איך האָב זיך געלאָזט לויפן, ער נאָך מיר. אָבער איך בין געווען שטארקער. מיך האָט געיאָגט דער טויט. ער האָט נאָר געוואָלט מיך פארטרייבן ווייטער און אגב

האָט ער מן הסתם מורא געהאַט, ווייט פון שטוב אוועק, טאָמער בין איך נישט אַליין. אָפּלויפנדיק אַ האַלבן קילאָמעטער, בין איך געפאַלן אויפן שניי. אָבער באַלד האָב איך זיך אויפ־געהויבן. איך מוז לויפן ווייטער. דער פויער וועט באַלד אויפ־וועקן, די שכנים. מ׳וועט ארוים מיך זוכן.

און פּלוצלינג בין איך געבליבן שטיין. אפשר נישט לויפן? זיך לאָזן כאַפּן און מאַכן אַ סוף צו דעם לעבן. בעסער שטאַרבן, ווי מיין קינד מן הסתם, שטאַרבט יעצט דאָרט. יאָ, איך מוז זיך לאָזן כאַפּן, ווען נישט, וועט מען זי׳ דאָרט פאַרפּייניקן צום טויט, זי זאָל אַרויסגעבן אונזער באַהעלטעניש.

אנטשלאָסן דריי איך זיך אוים אויף גיין צוריק און בלייב ווידער שטיין.... וואָס וועט זיין מיט דער קליינער? דאָרט, טיף אין וואַלד, אין שניי. טיף אין גרוב ליגט זי און וואַרט... שוין צוויי טעג אחוץ שניי אין מויל גארנישט געהאַט. זאָל זי דאָרט אַליין שטאַרבן? צו וועמען גיין? צו דער, וועלכע מען מוטשעט זיכער דאָרט, אָדער צו דער יינגערער, וועלכע גייט אוים פון הונגער?...

צו דאָ, צו דאָרט, דער סוף איז — טויט. איך בין געשטאַנען אין מיטן פעלד, אַ האַלב פאַרפרוירענער, אַ האַלב משוגענער. אַלע ווילע האָב איך געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָרויס און זיך צוריקגעקערט. איך האָב זיך געוואָרפן אין שניי, זיך געקיילערט ווי אַ פאַרווונדעטע חיה. מיינע קינדער! צו וועמען זאָל איך גיין? וועמען אויסקלייבן?

די נאַכט האָט אנגעהויבן פאַרגיין... איך בין לאַנגזאַם אַוועק צו מיין קינד אין וואַלד. איך בין אריין אין דעם אויסגעגראַבע־נעם, פאַרשטעלטן גרוב. די קליינע, די אַכט יאָריקע האָט אָנגע־שטעלט אויף מיר אפּאָר משוגענע אויגן, אָבער גאָרנישט גע־

פרעגט. מיטביידע הענטלעך האָט זי פאַרשטעלט דאָס פּנים און שטיל, אין זיך געוויינט.

איך האָב זיך אַוועקגעלייגט נעבן איר. אַ גאַנצע נאַכט און אַ טאָג זענען מיר אַזוי געלעגן. גלייכגילטיק צו אַלץ און אַלע־מען. פאַרטעמפּט אַלע געפילן, פאַרטעמפּט דער זכרון. מיר האָבן שוין נישט געפילט נישט די קעלט און נישט דעם הונגער.

אין מיטן דער צווייטער נאַכט האָב איך דערהערט אַ שטילן רוף. אַ צייכן צווישן אונז אָפּגעמאַכט, אַ לעבנס־צייכן פון מיין קינד. איך האָב זיך נישט גערירט. איך האָב פאַרשטאַנען. שוין די לעצטע מיינע מינוטן און איך פאַנטאַזיר אַזוי.

אָבער מיין קליינע האָט מיך שוואַך אנגערירט. „חנהלע“, האָט זי שטיל אויסגעשטאַמלט. איך האָב זיך געפּרוווט אויפזעצן און נישט געקענט געפּרוווט ענטפערן אויף דעם רוף, און נישט געוועזן בכח. און ווידער האָט די קליינע מיט אַ דין קול'כל אָפּ־געענטפערט. און פּלוצלינג האָבן זיך פון אויבן אנגעהויבן רירן צווייגן. עס איז אַריין אַביסל פרישע לופט און אַ שיין פון דער נאַכט. אַ פּנים אַ בלאַס, אַ פאַרשוואָלנס האָט זיך באַוויזן. מיין חנהלע, מיין קינד! און אויף די דאַרע הענטעלעך, באַדעקט נאָר מיט דעם דינעם קליידעלע — אַ שמאַטע מיט עסן! עסן נאָך נישט קיין פאַרפרוירענעם גרויסע שטיקער ברויט, קאַרטאָפל, עסן, עסן... פיל עסן...!

מיר האָבן אָנגעהויבן פּאַקן אין מויל גלייך אַזוי ליגנדיק. גיריק ווי חיות. נישט געפרעגט, נישט זיך צעקושט. נישט פאַר פרייד משוגע געוואָרן... נאָר געגעסן און געברומט און זיך נישט געקענט אָפּרייסן.

אָבער די קליינע האָט שוין געוווּסט, אַז מען טאָר נישט פאַר איין מאָל אַזוי פיל עסן און זי האָט שטיל אַוועקגערוקט

פון אונז די שמאַטע. ערשט דאַן האָב איך זיך פאַרוואונדערט אַרומגעקוקט, געקומען צו זיך און דערזען חנהלען. מיין קינד! זי איז געזעסן און געציטערט פאַר קעלט. איך האָב שנעל אַראָפּגעכאַפּט פון אונז דעם פעלץ און זי איינגעהילט. איך האָב זי אנגעהויבן אַרומנעמען, קושן. מיין קליינער מלאך, אונזער קלינער רעטער, דאס קינד האָט געציטערט, זיך נישט געקענט באַהערשן. אין דעם דינעם קליידעלע איז זי אָפּגעזעסן אַ נאַכט מיט אַ טאָג און נאך אַ נאַכט. און געלאָפן צופוס 3 קילאָמעטער.

מיר האָבן זיך צוריק אַלע איינגעוויקלט אין דער קאָלדרע... די שמאטע מיטן עסן אויך אונטער דער קאָלדרע ארונטערגענומען, עס זאָל נישט פאַרפרוירן ווערן. איך האָב צוגערוקט מיין מויל צו אירם, כדי זי צו דערוואַרעמען. „חנהלע, קינד! ווי אַזוי?“ — האָב איך זי שטיל געפרעגט. דאס קינד האָט אַ שמייכל געטון. „איך בין אַליין אַרויסגעקראָכן ביי נאַכט“ — האָט זי קינדיש, באַרימעריש געזאָגט — „זיי האָבן געהאט נאָר וואָס אנגעשיט דעם חזיר עסן, נאך אַזוי וואַרעם אַלץ געווען. איז ווי נאָר זיי זענען ארויס, האָב איך די בעסטע שטיקלעך עסן אַרויסגענומען פון דער קאריטע, פאַרפּאַקט אין דער שמאַטע, וואָס דו האָסט מיר איבערגעלאָזט און בין דורך אן אנדער לאך אַרויסגעקראָכן. איך האָב געמיינט, עס וועט נאָך זיין וואַרעם“ דאס קינד האָט מיט באַדויער געקוקט אויף דער שמאַטע. אָבער דערנאך האָט זי זיך ווידער צעשמייכלט „און איך האָב אַליין גלייך געטראָפן,“ — האָט זי מיט שטאָלץ צוגעגעבן. „יא, אָבער דאָרט אין שטאַל, ווי האסטו זיך אויסבאַהאַלטן? אין אַזאַ קעלט?“ דאס קינד האָט זיך פאַרקלערט. „דארט האָב איך פריער אַרויסגעקוקט, ווען ער, דער גוי האָט דיך געיאָגט. איך האָב שטארק מורא געהאט ער זאָל דיך נישט כאַפּן. דערנאָך, אַז איך

האָב געזען אַז דו ביסט אנטלאָפן און ער גייט אַליין צוריק, בין איך ארויפגעקראָכן אויף דעם היי, זיך טיף איינגעגראָבן, ביז ער איז צוריק אין שטוב אַוועק. דערנאָך האָב איך זיך אנגעגעסן פון דער קאַריטע. „ווייסט, אַלע מאל געבן זיי אים עסן, דעם הזיר. אט אַזוי גראָב איז ער שוין" — דאס קינד האָט בריים צעגומען די הענט. „אוי, איז דאָרט גוט אין שטאל! — האָט זי טרוימעריש פאַר זיך געזאָגט, — וואָרעם און עסן איז דא אַסך. אָבער איך האָב געוווּסט, אַז איר זענט הונגעריק, בין איך געקומען. איך האָב זי פעסט צוגעדריקט.

אין דעם פינסטערן גרוב, אַז אַ וועלכן ס'איז נישט אויס־זיכט, באַגראָבענע לעבעדיקערהייט, האָב איך זיך אויף איין מינוט דערפילט גליקלעך.

דער ייד איז אנטשוויגן געוואָרן. איבער בייערישע פעלדער און וועגן איז געפאָרן דער צוג פון רייכענהאַל קיין מינכן. הויכע בערג, באַפּוצטע מיט ווייסן שניי אויף די שפּיצן. הערלעכע, זוניקע ווילעס זענען אונז געלאָפן אנטקעגן. אָט פון דאנען זע־נען זיי געקומען, אונזערע מערדער, אונזערע פאַרטיליקער, פון די הויכע בערג, פון די ליכטיקע, שיינע ווילעס. געקומען צו אונז אין די אָרעמע יידישע געסלעך אונז צו פאַרניכטן.

„— און ווידער זענען אוועק טעג און וואָכן" האָב איך ווי־דער דערהערט דעם ייד „עלי'ם קול — טעג און וואָכן, געציילט האָט זיי קיינער נישט.

דער ווינטער האָט אַביסל נאָכגעלאָזט. מיר זענען דאָן אין וואַלד אין אַ גרוב געלעגן, ווען דער שניי האָט אָנגעהויבן צערגיין. דאס וואַסער האָט אנגעהויבן אַריינרינען צו אונז אין גרוב. מ'האָט באַדאַרפט זוכן ערגעץ אן אנדער אָרט. אַזאַ אָרט, אַז

אַ מענטשם פוס זאָל נישט קענען צוקומען. פאַר קיין חיות האָבן מיר נישט מורא געהאַט.

טיף אין וואַלד האָב איך איינמאָל געהאַט באַמערקט אַ זומפּ. ארום דעם זומפּ זענען געוואַקסן געדיכטע קאַרטשעס. איעלע בע געדיכטע, אַז עס איז נישט געווען מעגלעך זיך אַדורכצורייסן. אַהין, צו דעם זומפּ האָבן מיר זיך אַריבערגעטראָגן, אַזוי, גלייך אין דער בלאָטע זיך באַזעצט. די זאַכן אויף אונז זענען געווען אַזוי צעפוילט, און אַזוי געשטונקען, אַז אפילו מיר אַליין, וואָס זענען שוין געווען גוט צוגעוווינט, פלעגן זיך צייטנווייז אָפּריקן איינער פון צווייטן.

אין איין פאַרנאַכט, נישט האבנדיק 2 טעג קיין ביסל עסן, האָב איך באַשלאָסן מיט דער קלענערער אַרויסצוגיין. אין יענע טעג זענען מיר זיכער אָפט געזעסן אָן עסן אַפּאָר מעת־לעת.

ווייט אונטערן דאָרף איז געשטאַנען אַ פויעריש שטיבעלע, וווּ איך האָב געוווּסט, אַז קיין מענער זענען דאָרט נישטאָ. איך האָב באַשלאָסן, מיר וועלן אריינגיין בעטן, אפשר וועט מען אונז עפּעס געבן.

ווען מיר זענען אריין צוּ דער פויערטע, איז שוין גוט פינסטער געווען. אין שטיבל האָט געברענט אַ קליין לעמפּל. דאס גאַנצע הויז־געזינד איז געזעסן ביים טיש און געגעסן.

די ערשטע צייט, ווען דער דייטש איז אריין און האָט ביי די פויערים אַלץ רעקווירירט, פלעגן זיי, די פויערים, אַלץ אַליין אויפעסן, כדי דעם דייטש נישט אַוועקגעבן. איז טאַקע אויף דעם טיש געשטאַנען פון כל גוטס. פּוטער, אייער, מילך, חזיר־שמאַלץ. דער טיש איז געווען אינגאַנצן פאַרשטעלט מיט עסן.

מיר זענען געבליבן שטיין ביי דער טיר. אויף אונזער באַגריסונג האָט קיינער נישט געענטפערט. נאָר די אַלטע פויערטע

האָט זיך אויסגעדרייט צו אונז און מיט אַ גראָב קול אנגעזאָגט: „דא גיט מען גארנישט, גיי גלייך אַרויס פון דאַנען“. איך האָב אנגעהויבן בעטן, באַוויזן אויף דעם קינד, וואָס איז געשטאַנען ביי דער טיר מיט בלינדע, פאַרשוואָלענע אויגן. דאס גאַנצע פּנים׳ל און לייב איז געווען באַדעקט מיט בלאטערן און משיראקעס. דאס קינד איז געשטאַנען, געקוקט מיט די אונטערגעהאַקטע אויגן און אַלע מאָל באַלעקט די צעפּלאַצטע, בלויע ליפּן. איך האָב געוואָלט ביי דער פויערטע כאָטש אַביסל מיטלייד צו דעם קינד אַרויסרופן. „זע אַליין, — האָב איך געזאָגט — ווי דאס קינד זעט אויס. דאס איז פון הונגער און פון קעלט. שענק אונז עפּעס. דו גיסט דאָך אפילו דעם הונט עסן“. די פויערטע האָט אָבער מיט כעס אויסגעברומט: וואָס גלייכסטו זיך צום הונט? דעם הונט גיב איך עסן, אָבער ער דינט מיר דערפאַר. ער בילט און זאָגט מיר אן, ווען אַזעלכע ווי דו קומען גנבענען. דעם חזיר גיב איך עסן, האָב איך גרויסע נוצן — ער גיט מיר פלייש און פעט. די הינער גיבן מיר פלייש און אייער. און וואָס פארא נוצן קען איך פון דיר האָבן? במילא וועסטו שוין לאנג נישט אויסהאלטן. פריער צי שפּעטער, איר מוזט דאך שטארבן. זע דיין קליינע, קוים וואָס זי זשיפּעט.

איך בין געשטאנען און געשוויגן און דאן איז פון טיש אויפגעשטאנען אַ יינגערע און זיך צו מיר געווענדעט: „זאָג איר, דער קליינער, אָט שטייט אַ טאָפּ אָנגעגרייט פאר דעם הונט, אויב זי וויל, זאָל זי זיך נעמען צו עסן“. די קליינע האָט פארשטאנען איז צוגעפאלן צום טאָפּ און אָנגעהויבן ארויסשלעפּן שטיקלעך קארטאָפל, ברויט, דערנאָך זיך אָנגעבויגן און אָנגעהויבן גיריק טרינקען. איך בין געשטאנען פארשטיינערט, נישט באַמערקט אפילו, וויפיל דאס קינד טרינקט און עסט.

פלוצלינג איז זי אנידערגעפאלן, אין גאנצן בלוי פון שרעק־לעכע קראמפן אין בויך, זיך אָנגעהויבן ווארפן און געבליבן ווי טויט. איך בין צוגעפאלן צום קינד, אָנגעהויבן זי טרייסלען, ווארפן. „נו, זעסט, האָב איך דיר נישט געזאָגט" — איז די פויערטע געשטאנען אנטקעגן, „איך האָב געוווּסט, אז זי וועט נישט אויסהאלטן. נאָר וואַרף זי דאָ נישט אוועק! גיי דאָרט אין פעלד אונטער די קארטשעס לייג זי אנידער".

איך האָב געכאַפּט דאס קינד און בין ארויס פון שטוב. איך האָב איר אריינגעשטופּט די פינגער אין מויל, אין האלז, און זי האָט אָפּגעגעבן צוריק דאס עסן. עס איז איר אביסל לייכטער געוואָרן און זי איז געקומען צו זיך. איך האָב זי אוועקגעלייגט ביי דער וואַנט הינטער דער שטוב און אליין בין איך אריין צוריק, צונויפנעמען דאס רעשט פון טאָפּ...

איך האָב גענומען מיין קינד אויף די הענט און מיט די עטלעכע קאַרטאָפל פון דעם הונטס טאָפּ בין איך אוועק אין וואלד.

דער ייד איז ווידער אנטשוויגן געוואָרן. „דריי א האלב יאר" — האָט ער צו זיך גערעדט — וויפיל טעג!... וויפיל נעכט!... וויפיל מאל דעם טויט פאר די אויגן געזען! ווי האָבן מיר דאס איבערגעלעבט? אָבער עס האָט מיר געגלאָטן, איך האָב זיך געראטעוועט מיט מיינע קינדער. נו איז וואָס יעצט? האָב איך דען שוין רו, בין איך זיכער מיט מיין לעבן? מיט מיין מאָרגן? אין לאגער פארשפּארט, ווידער מיט שרעק און מורא. און זעט ווי מ'קוקט אויף אונז! הא, איך קען זיי גוט אָט די שטעכעדיקע בליקן. די אויגן זייערע די מערדערישע!"

איך האָב געשוויגן. דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו מינכן. מ'האָט אָנגעהויבן גרייטן די וואליזעס, צונויפלייגן די

זאכן. און פּלוצלינג בין איך אָפּגעטיילט געוואָרן פון מיין מיט־שפּרעכער. איך האָב נאָך אים געוואָלט עפּעס זאָגן, פרעגן, אָבער דער צוג איז שוין צו דער סטאַנציע צוגעגאַנגען. מ׳האָט ייד אָנגעהויבן שטופּן און איך האָב אים אין גאַנצן פאַרלוירן... פאַרלוירן דעם ייד „עלי״, וועלכער האָט ווי אַ חיה דריי יאָר געלעבט און פאַר וועמענס קאָפּ די דייטשן האָבן „10 טויזנט מאַרק, אַ מעטער זאַלץ און 5 ליטער בראָנפן״ געגעבן.

„לאַאוטער יודן״ — האָב איך נאָך דערהערט אַ גיפטיקע באַמערקונג, ווען מיר זענען אויסגעשטיגן. דאָס האָט אַ דייטשקע מיט שטעכעדיקע אויגעלעך איר צאָרן פאַר די שכנים אויס־געדריקט.



# פאַרוואָס צווינגט מען אונז?

און ווען איך קלער, וועלכער פון מיינע לאגערן איז געווען דער ערגסטער, וועלכע פון אלע מיינע איבערלעבונגען איז גע־ווען די שרעקלעכסטע, קען איך נישט אנטשיידן. אָבער ווען איך פארגלייך מיין איבערלעבן אין די לאגערן און מיין לעבן דאָ, פיל איך, אַז אַ סך מאָל איז דאָ פיל ערגער.

נישט קיין פּאַראַדאָקס און נישט קיין איבערטריבן געפיל. דאָרט אין די לאגערן מיט דעם חיה׳שן, הינטישן לעבן, מיט דעם בסדרדיקן גערדאנק פון יעדערמינוטיקע טויט־גרייטשקייט, האָבן מיר זיך אויף גאָרנישט געוווּנדערט. אָט נאָר איצט, אָט נאָר די איצטיקע מינוט, און ווייטער גאָרנישט.

אַזוי לעבן אלע חיות, און אַזוי האָבן אויך מיר געלעבט, ווייל אונזער לעבן איז געווען נאָך ערגער פון דעם חיה לעבן. איינס איז נאָך געווען אין אונז מענטשלעכעס, וואָס מיר האָבן געהאָפט, אַז ערגעץ ווו, דאָרט, ווו אין אַ חלום, איז נאָך דאָ אַ וועלט, וואָס ווען נאָר זי, די וועלט ווייסט!... ווען נאָר זי, די וועלט וועט אימשטאנד זיין!...

און ווען עמיצער פון אונז וועט אמאָל דערלעבן און אין אָט דער אויסגעחלומטער וועלט קומען, דעמאָלט... דעמאָלט, וואָס וועט דען נישט מיט אונז געשען? און דאס איז געווען דאס איינציקע, וואָס האָט אונדז נאָך צום לעבן צוגעשמידט, דאס האָט אונדז אין מענטש דערינערט.

פארענדערט האָט זיך יעצט אין גאנצן אונזער פסיכיק, ווען מיר זיינען צו דער ווירקלעכקייט, צו דער וועלט געקומען.

אמת מאקע, זעער ווייניק האָבן דאס גרויסע גליק געהאט אלץ איבערצולעבן, און צו דער וועלט צו קומען. אָבער עס געפינען זיך זעער פיל פון די לעבנגעבליבענע, וואָס זיינען מקנא די געשטאָרבענע. זיי זיינען פארפייניקט געוואָרן אָבער מיט א שיינער אילוזיע געשטאָרבן, אז ווען!...

מיר האָבן דעם „ווען" דערלעבט, די וועלט דערזען און וואָס פארא שרעקלעכע אנטוישונג!! נישט קיין וועלט, נאָר אן אכזריותדיקע פוסטקייט, נישט קיין מענטשן נאָר גלייכגילטיקע, קאלטבלוטיקע געשטאלטן, נישט קיין לעבן, נאָר די זעלבע צע־טיילונג אויף מענטש און נישט מענטש. אייניקע וווינען אין די אייגענע הייזער, מיט די שיינע מעבל, אין היימישע באַדינ־גונגען, מיט מאן און קינד, פריינט און באַקאַנטע. אין דער היימישער סביבה פון לאנגיאָריקן נאָרמאלן סדר, מיט אן עסן היינט און מאָרגן, מיט א שטאָלץ פון א פאָלק, וואָס פילט א באָדן אונטער די פיס, און האָט נישט פארלוירן דעם מוט צו פאָדערן.

און די צווייטע? צעבראָכענע, נידערגעשלאָגענע, אָן א א באָדן אונטער די פיס, גלייך ווי דאָרט אין לאגער אויסגע־שטעלט אלע מינוט אויף נישט באַשטראָפטע שיקאנעס. מיט א כסדרדיקן שרעק פאר דעם מאָרגן. און נאָר דער אונטערשיד

איז געבליבן, וואָס דארט אין לאגער זענען מיר געווען אָפּ־געצוימט פון דער וועלט. מיר האָבן זי, די וועלט, ווי א חלום געזען. איצט זעען מיר זי אויף דער וואר. טאקע אמת, ס׳איז דאָ אַ וועלט, וועלכע לעבט, פעלקער מיט אַ צוקונפט, מיליאנען קינדער לעבן, דאן ווען אונזערע זענען שוין פארפוילט אין דער ערד. און מען זאָגט אונז: „שטייט און קוקט, אָט איז דאס, דאס לעבן צו וועלכן איר האָט זיך אַזוי געצויגן, ס׳איז טאקע דא אויף דער וואָר, אָבער נישט פאר אייך!״ שרעקלעך איז די אנטוי־שונג, אָבער נאָך פיל שרעקלעכער, ערגער אפילו ווי דאס לעבן אין די היטלער־לאגערן, איז דאס צווינגען אונז דאָ בלייבן און דאס אלץ צוקוקן.

צוקוקן און זען, אַז די, וועלכע האָבן אונדז בארויבט, וווינען אין אונזערע וווינונגען, גייען אָנגעטון אין אונזערע מאנטלען, עסן פון אונזער געשיר. זייערע געזונטע, פריילעכע קינדער שפּילן זיך מיט אונדזערע געהרגעטע קינדערס שפּילצייג. אָט דעם ביטערן אמת האָבן מיר זיך אין די לאגערן גיט פאר־געשטעלט. קיינער האָט אונז נישט געוויזן די צווייטע זייט פון לעבן. אמת, מיר האָבן געחלומט, אָבער אַ חלום איז בסדר נאָר אַ חלום. און יעצט? ווו נעמט מען כוח צו קומען אין באַרירונג מיט די מערדער, ווען דאס באַוווסטזיין איז אַזוי פארסמט פון האס? און ווו נעמט מען כוח צו האסן? און בפרט קינדער האסן? און עס ווייגט אַזוי דאס הארץ, פארוואָס צווינגט מען אונז צו דארפן האסן?... קינדער האסן? און אַז מיר קענען נישט? און אַז מיר זענען נישט קיין עם נוקם ונוטר?

און אָט פאָר איך אין צוג, און אנטקעגן מיר זיצט זי די גליקלעכע דייטשע מאמע, מיט איר קינד אויף די הענט. אַ שיין ליכטיק פּנימל, צוויי גרויסע פארחלומטע אויגן קוקן אויף

מיר מיט צוטרוי און קינדישע פאראינטערעסירונג. מיין האנט־בייטל איז איר שטארק געפעלן. זי לאָזט פון איס די גרויסע אויגן ניט אַראָפּ. און פּלוצלינג גליטשט זי זיך אַראָפּ פון דער מוטערס שויס און מיט אַ ברייטן שמייכל דערנענטערט זי זיך צו מיר. זי רירט זיך אָן אין מיין בייטל. אירע נאַקעטע פיסע־לעך רירן זיך אָן אין מיינע און אַ ציטער גייט מיר אדורך. איך וויל זיך אָפּרוקן און קען נישט, מיין פּנים קרימט זיך אויס, אַ שמייכל צו אַ גרימאסע, איך ווייס אליין נישט, אָבער דעם קינד גייט עס גאָרנישט אָן. זי רוקט זיך אין גאנצן אריין צווישן מיינע פיס. שפּאַרט זיך אָן מיט אירע קליינע עלנבויגנלעך אויף מיינע קני, און קוקט פארחושט אויף מיין האנט־בייטל. די מו־טער שמייכלט, אָבער איך בין אין גאנצן געפּלעפט. קלייניקע עלנבויגנלעך, וואַרעמע הענטלעך, פּונקט ווי ביי איר, ביי „באַ־שעלען" מיין טייערינקע, מיין קליין באַשעלע, וווּ ביסטו? און שוין זענען מיינע געדאנקען ווייט דאָרט...

17 זענען מיר געווען... 17 מענטשן אַלע רעשטלעך.. מיט הויכע בילדונג, לערער, דאָקטוירים. עפּעס צופעליק האָבן מיר זיך צונויפגעקליבן און צונויפגעבונדן. אונז האָט די 6 יאָריקע „באַשעלע" פארלייכטערט אונזער פּיין. יעדער פון אונז האָט מיט איר זיין ציל אין לעבן, כלומרשט צוריק געפונען. פאר „באַשעלען" עטוואָס קריגן, באַשעלען שלאָפן לייגן. היינט פּלעגן מיר איבער איר עקספּערימענטן מאכן, שפּראַכן לערנען, אַלע טאָג אַ שפּראַך, און עס איז נישט געווען דער פאל זי זאָל עפּעס פארטוישן, אַ וואָרט פארגעסן.

מיר האָבן געשטוינט, עפּעס אַזוינס האָט נאָך קיינער אין זיין פּראקטיק נישט געזען. עפּעס אַ מין ווונדער פון דער נאַטור. מיר האָבן אָנגעווענדעט אַלע אונזערע כוחות, איר ביים לעבן

צו דערהאלטן. און זי פלעגט אָנשטעלן אַ פּאָר גרויסע פאר־חלומטע אויגן, ערנסט און פארחידושט קוקן ארום. און האָט זיך אַ שמייכל אויף איר פּנים באַוויזן, האָט זיך דאן געדאכט, אַז די וועלט איז צוריק וועלט, אַז מענטש, האָפנונג, לעבן, אַלץ איז ווידער דאָ.

אָט אַזאַ איז זי געווען באַשעלע. און די מוטער, זי האָט ווי פארשטאנען, אַז יעצט קען גישט באַשעלע געהערן צו איר אליין. זי האָט אונזער אנטייל שטום אָנגענומען. און די קליינע 6־יאָריקע באַשעלע, איז פּונקט ווי אַלע אונזערע קינדער דע־מאָלט, פלוצלינג גרויס געוואָרן — קיין מאָל קיין פראגן נישט געשטעלט. פארוואָס טאָר מען נישט ריידן, לאכן, נישט פאר דער טיר ארויסגיין, אַ גאנצן טאָג הונגערן, אין די קליידער שלאָפן? נאָך יעדע באַמערקונג, פלעגט זי נאָר אירע גרויסע פארחלומטע אויגן אראָפּלאָזן, און זיך נעמען צו דער מוטער צודריקן און צוטוליען.

אין אַ טאָג איז דאס געווען, אַ נאַכט איז דאס געווען, צי אפשר גאָר אן אייביקייט איז דאס געווען.

— אן אקציע אין לאגער. מיר זיינען אונטן אין קעלער, אין אַ לאָך פארשטעקט געלעגן. אַלע 17 אינאיינעם, דער קעלער נישט טיף און אַלץ קומט פאָר ווי אינעווייניק. ווילדע געשרייען גע־וויינען, קנאלן פון ביימשן, פליענדיקע קוילן, שויבן קנאקנדיקע, קינדישע קולות און איבער אַלץ טריט, שווערע גראָבע באַשטי־וועלטע טריט. ווייטער... נענטער... איבער אונזערע קעפּ, מיר זיצן שטיל איינגעקאָרטשעט, האלב מענטש, האלב געיאָגטע חיה און באַשעלע מיט אונז און כדי זיין זיכער, אַז דאס קינד וועט קיין הוסט נישט טון, קיין פּיפּס נישט ארויסלאָזן, באַשליסן מיר איר צו געבן שלאָף געטראנק.

אָבער באַלד שוין האָבן מיר אונזער שרעקלעכן טעות דערזען. דער שלאָף־געטראַנק האָט געגעבן פונקט אַ פאַרקערטע ווירקונג. דאָס קינד איז געוואָרן אומרואיק. עס האָט זיך אָנ־געהויבן וואַרפן, ברומען. די מוטער האָט איר פעסט געהאַלטן, מיט שטילע ווערטער איר געפּרוווט באַרואיקן, אָבער דאָס קינד איז געווען באַוווסטלאָז און אַלץ שטאַרקער געבּרומט און גע־שריגן. מיר זענען געזעסן מיט פאַרהאַלטענע אָטעמס. מיר האָבן געפילט: „דאָס איז אונזער סוף".

די אַקציע אין דרויסן איז געוואָרן אַלץ נענטער, די גרוי־זאַמע טריט זענען שוין געווען איבער די קעפּ און דאָס קינד איז געוואָרן אַלץ אומרואיקער. און פּלוצלינג האָט עמיצער אַ זאָג געטון: ווער? מיר האָבן נישט געוואָלט זען. וואָס? מיר האָבן נישט געוואָלט הערן, נאָר אין דער לופט האָבן געשוועבט ווער־טער. „דאָס קינד דאַרף מען דערשטיקן, זי וועט אומברענגען 16 מענטשן". האָט דאָס עמיצער געזאָגט? קיינער האָט נישט געוווסט. שטיל האָט באַדאַרפט זיין און עס איז געווען שטיל. אין אַ לאָך אונטער אַ קעלער 16 מענטשן און... באַשעלע, אַ קליין 6 יאָריק ווונדער־קינד.

די באַשטיוועלטע טריט זענען אַלץ נענטער. אָט זענען זיי שוין איבער אונזערע קעפּ. די געשרייען, דאָס קנאַלן, אַלץ שטאַרקער, און פּלוצלינג גיט זיך דאָס קינד אַ וואָרף און לאָזט אַרויס אַ שרעקלעך געשריי. אָבער נאָך איידער דער געשריי איז אַרויס, איז ער איבערגעריסן געוואָרן. עמיצער האָט זיך צום קינד אַ וואָרף געטון, אָבער מיר האָבן דאָך גאָרנישט געזען, גאָרנישט געהערט. דער עיקר שטיל. מיט אַרויסגעשטאַרטשעטע משוגענע אויגן איז זי געזעסן, די יידישע מאַמע, באַשעלעס מאַמע, און ביי איר אויף די קני האָט געצאַפּלט און זיך גע־

וואָרפן אין די לעצטע קאָנוואָלסיעס דאָס דערשטיקטע קינד. קיין איין ריר האָט זי זיך נישט געגעבן, קיין קרעכץ, קיין טרער. נאָר 2 משוגנה ווילדע אויגן האָבן געקוקט ווייט, ווייט און גאָרנישט געזען.

אָבער שטיל איז שוין געווען, אין גאנצן שטיל. אויך באַשעלע איז שטיל, רואיק, ביי דער מוטער אויף דער קני געלעגן. נאָר די צוויי קליינע הענטעלעך זיינען טיף געווען איינגעגראָבן אין דער מאַמעס לייב, ווי זי וואָלט וועלן נאָך אביסל די לעצטע פאַרבינדונג מיט דער מוטער אָנהאַלטן.

האָט דאָס געדויערט נאָר אַ נאַכט, צי אַן אייביקייט?

די טריט זיינען געוואָרן ווייטער, די געשרייען אין דרויסן שטילער און... 16 מענטשן האָבן זיך געראַטעוועט. 16 מענטשן האָבן זייער לעבן אויסגעקויפט און מיט באַשעלען באַצאָלט...

* *

דאָס דייטשע קינד רוקט זיך אין גאנצן אַרויף אויף מיר. און פּלוצלינג, פּונקט ווי באַשעלע, צעשמייכלט זי זיך און הויבט איר קעפּעלע אויף, איך דערזע אַ העלזעלע, אַ ווייסינקע מיט שפּאַלטעלעך, שטריכעלעך, פּונקט ווי באַשעלעס און פּלוצלינג ווערן מיינע אויגן משוגע. „דערשטיק! פאַר באַשעלען, פאַר אונזערע קינדערלעך"! מיין האַנט ציט זיך אליין פון זיך. און... דער צוג גיט אַ ריס. דאָס קינד גיט זיך אַ וואַקל און איך כאַפּ ס'קינד מיט שרעק אַרום. טאַקע אָט די האַנט, וואָס איז געגאַנגען שטיקן, האַלט דאָס פעסט צו, ס'זאָל חלילה נישט אַ פאַל טון, זיך ערגעץ נישט פאַרלעצן. זי, די פאַרפירערישע האַנט דריקט דאָס צו מיין האַרצן, וואָס וויינט און קלאָגט אין מיר. וואָס האָב איך געוואָלט טון? ... און נישט געקענט...

דער צוג האלט עפעס אַ סטאַנציע, איך שטעל פּאָרזיכטיק דאָס קינד, מיינע ליפּן ציען זיך צו דעם, איך כאַפּ מיין קליין פּעקעלע און לויף אַרויס.

עפּעס אַ קליינע נישט באַקאַנטע סטאַנציע. פינצטער. אַ דריבנער רעגענדל נעמט מיך דורך. דער צוג רירט ווייטער, איך שפּאַר זיך אָן, אין אַ סלופּ. דער געדאַנק אַרבעט אינגאַנצן נישט, וואָס איז נאָר וואָס פאָרגעקומען? צי אפשר האָט זיך מיר גאָר געחלומט, אָבער עס איז אַזוי מחיה'דיק גוט, שטיין אַזוי אין דער פינצטער אַליין, אָן מענטשן.

צו מיר גייט צו אַ דייטש. „אַך זאָ, דאָס בין איך על פּי טעות אויסגעשטיגן, אָבער נישט אַזוי שלים, אין אַ האַלבע שטונדע קומט אַ צווייטער צוג, און דערווייליל קען איך אין וואַרטע-צימער אַריינגיין, ס'איז דאָך אַזוי פינצטער און קאַלט".

כאַ! כאַ! פינצטער און קאַלט, אָבער איך שטיי דאָך נישט נאַקעט, מיט אויפגעהויבענע הענט און דאַרף דאָך נישט האַלטן אין איין שרייען „הייל היטלער", „ווייסטו, וואָס עס הייסט שטיין נאַקעט מיט אויפגעהויבענע הענט? האָב איך דאָס אויסגעשריען? ווייזט אויס ניין".

דער דייטש גייט זיך רואיק אַוועק. און אַרום איז אַזוי מחיה'דיק פינצטער און איך בין נישט נאַקעט. און מיינע הענט רוען אָנגעשפּאַרט אין סלופּ. אָבער די געדאַנקען!...

יאָ, וואָס איז מיט דער מוטער באַשעלעס? יאָ, אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דאָך ווידער אַן אַקציע געווען, האָבן מיר זי געזען. זי האָט זיך מער נישט באַהאַלטן און נעבן איר איז „ער" געגאַנגען, אָט דער, וואָס האָט 16 מענטשן געראַטעוועט און מיט באַשעלען באַצאָלט.

אַן אויפהער קאַפּעט און קאַפּעט דער רעגן. אַזאַ נאַכט! דאָס איז דאָך געווען אַ גליק פאַר די, וואָס האָבן זיך אויסבאַ־האַלטן, פאַר די, וואָס האָבן אַ שטיקל קאַרטאָפל געזוכט... און יעצט שטיי איך אַנגעטאָן, נישט נאַקעט, מיינע הענט שטעכן נישט פון קעלט און אַפּגעלאָזט בלוט; און אין האַרצן איז פּוסט און פינצטער ווי די נאַכט, און ס'וויינט און ס'קלאַגט דער איי־ביקער „פאַרוואָס"?... פאַרוואָס צווינגט איר אונז צו קומען אין באַרירונג מיט אונזערע מערדער?! פאַרוואָס צווינגט מען אונז, וועלן זיין מערדער, אַז מיר קענען נישט!



# מיין מוטער־טאָג

אַ לאַנגע, לאַנגע ריי מענטשן: פרויען, מענער, קינדער. שטייען זיי געמיטלעך, נישט קוקנדיק וואָס ס׳איז דווקא נישט אַזוי שיין, ס׳רעגנט צוביסלעך, אָבער מ׳שטייט רואיק, מ׳שמועסט און מ׳לאַכט. עפּעס אויסטערליש האָט מיר די ריי אויף דעם אָרט אויסגעוויזן — גאָר נעבן אַ פאַרמאַכטן טויער פון אַ גאָרטן איז זי געשטאַנען.

צי זאָל מען גאָר דאָ ברויט אַרויסגעבן? צי אַנדערע לעבנס־מיטלען? אַזאַ רחמנות, אַ פאָלק הונגעריט, שטייט שעהן לאַנג, כדי עפּעס צו קריגן.

— ווען אַן אויסלענדישער קאָרעספּאָנדענט זעט דאָס, ווי ער וואָלט זיך אין די בלעטער צעשריבן! און טאַקע, נעבעך אַ רחמנות. ס׳גיסט אַ רעגן, און מענטשן שטייען און וואַרטן גע־דולדיק. איך האָב זיך פאַראינטערעסירט.

וואָס פאַרקויפט מען דאָ? — האָב איך געפרעגט ביי אַ פרוי פון דער ריי.

— בלומען צום מוטער־טאָג און אויף פינגסטן!

ס׳גייען אזעלכע צוויי יום־טובים, אַ צווילינג אין איין וואָר. דער „מוטער־טאָג“, וואָס דארף דורך די קינדער מיט בלומען באַערט ווערן, און שבועות, אַ גרויסער פרילינגס יום־טוב, אַ פריילעכער, אַ גרינגער. די שטיבער דארפן מיט גרינס און בלומען באַצירט ווערן — אַ טייערער ארטיקל פארן אויסלענדישן קאָרעספּאָנדענט. אַ פאָלק הונגערט און האָט דאָך אין זינען בלומען! — זיי האָבן שטארק ליב בלומען, די דייטשן.

בלומען און הינט. אפילו די הינט, וועלכע מען האָט אויף אונזערע קליינע קינדערלעך אָנגערייצט, זיי זאָלן זיי צערייסן. אפילו די בלומען, וועלכע מען האָט אונזערע קינדערלעך מיטגעגעבן דעם 1־טן מאי, ווען מען האָט זיי אַלעמען אויסגעשטעלט און צו די אָפענע גריבער געפירט. איך ווייס אפילו ניט, צי די בלומען איז זיי ניט א שאָד געווען.

אַזאַ קולטורעל, עסטעטיש פאָלק, זיי האָבן אַזוי ליב בלומען און פּלוצלינג די בלומען אין גריבער פארשאָטן. מילא, קינדערלעך ובפרט יידישע — מ׳זעט נישט, מ׳ווייסט נישט. אָבער בלומען, פרישע שמעקעדיקע פרילינגס־בלומען? . . .

אַ „מוטער־טאָג“ דערוואַרטן זיי, די דייטשן. שטייען קינדער און עלטערע און וואַרטן אויף בלומען. אַ יום־טוב דערוואַרטן זיי, ס׳גייט שבועות, מ׳דארף די שטיבער באַצירן. און עס שטייען קינדער און עלטערע און וואַרטן אויף בלומען.

און איך, יידישע פרוי, מאמע, גיי מיר מיין וועג ווייטער. דער קאָפּ לאָזט זיך אראָפּ נידעריקער און נידעריקער. ווי זאָל איך דעם יום־טוב פייערן?

ניטאָ קיין מוטער, ניטאָ קיין קינדער. און ווי זאָל איך מיין שטוב באַצירן? ניטאָ קיין היים, ניטאָ קיין שטוב. און פארשעמט זינקט מיין קאָפּ און עס לויפן מיינע געדאנקען. און

שוין בין איך אין מיין „אמאל“. איינגטלער צוויי „אמאלן“: איינער, דער פון לאנג, ווען איך בין נאך אין מיין שטעטעלע געווען און ווען איך בין געגאנגען „לעפּעכע“ רייסן, כדי אונזער הויז צו באצירן. און עס דערטראגט זיך צו מיר דער ריח פון דער אָפּגעשניטענער, נאסער „לעפּעכע“, אויף דער ערד צעשי־טער. דער ריח פון מיין טאטע־מאמעס שטוב, פון מיין פאר־גאנגענעם לעבן.

און שוין בין איך אין מיין צווייטן „אמאל“, דעם פון נעכטן, דעם גרויזאמען, שרעקלעכן: אקציע, קאצעט, דערנידע־רונג, פּייניקונג. —

... די זון שיינט, ווייט צעשיט זי אירע ווארעמע, גלעטנ־דיקע שטראלן. און מענטשן גייען צום טויט, געפּלאגט, געיאגט ווי חיות.

ווינטער, פרילינג, זומער. טעג נאך טעג, יארן נאך יארן.

— זאגט אונזער גרויסער דיכטער ביאליק. „גאט האט אונז מיט פולער האנט געשיקט א צווילינג, א שחיטה מיט א פרילינג“.

איז ווו זאל איך מ י י ן שבועות, מיין „טוטער־טאג“ פייערן? ווער וועט מיר בלומען ברענגען? און ווו איז מיין שטוב, איך זאל זי באצירן?

רעדט צו מיר מיין שוועסטער, די אומגליקלעכע יידישע מאמע: ווייסט? פּונקט שבועות איז דאס דאך געווען. מיר זענען אין א גרוב פארשטעקט געזעסן. איך מיט מיינע צוויי טייערע קינדערלעך. איינס 4 יאר, דאס צווייטע 6 יאר אלט. שוין דריי טעג קיין ביסל וואסער נישט געווען אין מויל, פּראברענטע לי־פּעלעך, קוים וואס זי רעדט. בעט זי מיר, די קליינינקע: „מאַ־מעלע, טייערינקע, א ביסעלע וואסער גיב מיר“ און ווען איך

הויב אָן וויינען, בײזערט זיך די עלטערע — זע, צוליב דיר וויינט די מאַמע! ווייסט דאָך, אַז קיין וואַסער איז נישטאָ.

און קוים וואָס זי קען, הויבט אויף די קלײנינקע אירע אײנגעדאַרטע הענטעלעך, ווישט מײנע טרערן און אַנטשולדיקט זיך:

— ווײן נישט מאַמע, ווײן נישט, טײערע! קײנמאָל מער וועל איך שוין בײ דיר קײן וואַסער נישט בעטן. נאָר נעם מיט דײן צונג, פיר איבער מײנע ליפּן, אפשר וועלן זײ אַביסל פײכ־טער ווערן. זײ ברענען מיר אַזוי שטאַרק!

מער האָט מײן קינד בײ מיר קײן וואַסער נישט געבעטן. זוך־הײנט האָבן אונדז געפונען, און מײנע צוויי האַלב־פאַרחלשטע קינדער בײ מיר אַוועקגעריסן.

אָרעם דײטש פאָלק, וואָס דו הונגערסט אַזוי יעצט און וואָס דו האָסט צו דער גאַנצער וועלט טענות. לאָמיר זיך בײטן: נאַ דיר אָפּ מײן גאַנץ „גוטס“, מײן הײנט און מײן נעכטן און אַפילו מײן מאָרגן, מײן גאַנץ לעבן. איך וויל נישט דײנע שײנע, מיט בלומען באַצירטע שטיבער. מײנע קינדער גיב מיר אָפּ! אײנמאָל נאָר וויל איך וועגן מײן „מוטער־טאָג“ חלומען.



# איך וויל אייך פאַרשעלטן

איך וויל אייך נישט באַזינגען, אוקראַאינער פעלדער און וועלדער. איך וויל נאָך אייך נישט בענקען. אויך נישט נאָך דיר, מיין קליין אָרעם שטעטעלע, מיט דעם גרויסן טייך „סטיר“, מיט דעם גרינעם וואַלד ארום. מיט די שמעקעדיקע לאָנקעס און ברייטע זינגענדיקע פעלדער. מיין שטעטעלע, ווו איך בין געבוירן געוואָרן און מיינע קינדער יאָרן פאַרבראַכט. איך זויל נאָך דיר נישט בענקען און דיך נישט באַזינגען.

אַ חוץ.. אַ חוץ אונזער שטוב און דעם גאַנעק דעם ווייסן און דאָס קליינע שטיקל גאָרטן מיט די בעז-ביימעלעך אין אים. און הינטער די פעלדער, די נאָענטסטע און ווייטע, אַז דו קוקסט איבער זיי, דערזעסטו אַ בליאַסק, אַ זילבערנעם פון אונזער „סטיר“.

און גאָר ווייט, דאָרט ווו דער הימל באַהעפט זיך מיט דער ערד, אַ געדיכטער סאָסנאָוועער וואַלד, וועלכער שיידט אינגאַנצן אָפּ אונזער שטעטעלע פון דער ארומיקער וועלט.

נאָר דאָס איינציקע וויל איך אין מיין אויסגעבענקט האַרץ אויסבאַהאַלטן. כאָטש ניין, איך טאָר דאָס נישט. אויך דאָס דאַרף איך פאַרטיליקן און פאַרשעלטן.

איז ווּ נעמט מען אָבער אַזאַ כח? זיך אַליין פאַרשעלטן. אונזערע הייסע זומערדיקע טעג, ווען מיר פלעגן צום „סטיר" זיך באָדן גיין. צום „סטיר", צום קרישטאָל ריינעם טייך אונזערן. און דאָרט אַרום אים זענען לאָנקעס געווען מיט בערג, מיט ווערבעס ווייגענדיקע, וואָס פלעגן טיף זייערע צווייגן אַראָפּ־הענגען און זיך וויגן און שפּיגלען אין די דורכזיכטיקע וואַסערן. און מיר אויך צווישן די צווייגן און אויף זיי פלעגן טאַנצן, אָדער גאָר זיך פלוּצלינג אָפּרייסן און מיט אַ פריילעך געשריי אין וואַסער שפּרינגען.

איך וויל דיך פאַרגעסן, טייך, ווייל נישט מיט וואַסער שטראָמען יעצט דיינע כוואַליעס. 2 מאָל פאַר מיין לעבן האָסטו אונזערע הייליקע קרבּנות אין זיך איינגעשלונגען. און פאַר מיר האָט זיך דיין וואַסער אין בלוּט פאַרוואַנדלט. און דיינע כוואַליעס טראָגן אָנגעשוואָלענע, מענטשלעכע קערפּערס.

זאָג, פאַרוואָס ביסטו נישט פאַרטריקנט געוואָרן? פאַרוואָס ביסטו נישט אין דער ערד איינגעזוּנקען געוואָרן? דאָן, אין יענער גרויזאַמער שעה? און פאַרוואָס שווימסטו אויך יעצט אַזוי לאַכענדיק, זילבּערדיק, אַזוי גלייכגילטיק, פּוּנקט ווי גאָר נישט, ווען מיר זענען נישטאָ, אין גאַנצן נישטאָ.

איז וועל איך אייך פון מיין האַרצן אַרויסרייסן, אפילו מיין גאַנעקל דאָס ווייסע, וואָס איך האָב אַזוי ליב געהאַט און אפילו דאָס אָרט אויפן בית־עולם, ווּ מיין טאַטנס קבר איז געווען. דאָרט, ווּ איך האָב אַמאָל אַ בעז־ביימעלע פאַרפלאַנצט, פון אונזער גאָרטן אַרויסגעגראָבן. און איך ווייס גאָרנישט, צי האָט זיך דאָס צעוואַקסן, צעבּליט? צי גאָר מ'האָט דאָס שטיקל ערד אויך צעאַקערט, קאָרן פאַרזייט און בּלויע „וואַסילקעלעך" מיט „רויטן מאָן" האָבן מיין בעז־ביימעלע אַרויסגעשטויסן. איז

וואַרף איך דיך אויך אַרויס פון מיין אָנגעווייטיקט האַרץ, אויך דיך, אַלטער בית־עולם, ביי אונז... דאָרט... אונטערן שטאָט.

און אויך דיך, מיין שטאָט, די גרויסע, ווו איך האָב שפּע־טער געלערנט, ווו איך האָב מיין פאַמיליעו לעבן געגרינדעט און מיינע קינדער געבוירן. דאָ האָבן זיי זייערע ערשטע טריט געשטעלט. דאָ אין אונזער שטוב מיט די שפּיגלדיקע פענסטער פלעג איך שטיין כסדר און אַרויסקוקן אויף זיי, אויף מיינע קינדער, ווען זיי פלעגן פון דער שולע אַהיים קומען.

זייער שולע איז אויך מיינע געווען. דאָרט ווייט אַזש נעבן די „סאַסענקעס", שטייט זי די שולע איז אַ גרויסן סאָד, מיט דיקע און אַלטע ביימער אַרום. דאָ האָב איך געלערנט און דאָ האָבן אויך מיינע קינדער געלערנט.

קוק איך אַרויס און וואַרט. אָט קומען זיי. שוין פון ווייט הערט מען פריילעכע, לאַכנדיקע קולות. מיט נאָך חברטעס גייען זיי. ליכטיקע, טייערע, פרישינקע פּנים'לעך פריילעכע, אויפגעלעבטע. און אַמאָל גאָר ערנסטע, פאַרזאָרגטע, ווען אין דער שולע איז עפּעס נישט אין אָרדנונג.

טייערער דור, וואָס ציט ווייטער דאָס וועזן פון מיין „איך". און איך קוק אַרויס און וואַרט מיט אומגעדולד. דאָס מיטאָג ווערט קאַלט, אָבער זיי קענען זיך נישט שיידן, די חברים און חברטעס. מ'באַשמועסט אַ ערנסטן ענין, ווי זיך צוזאַמענצו־טרעפן. זאַסיענקאַ און גאַליאַ, ליאַלאַ און וועליאַ און געניאַ! פאַרטיליקט, פאַרשוווּנדן. און מיט זיי מיין שטאָט און מיין הויז, ווו מיינע קינדער זענען געבוירן געוואָרן און ווו זייערע פיסעלעך האָבן געטראָטן.

איך וויל דיך נישט זען, נישט דערמאָנען, שטאָט מיינע, כאָטש דו שטייסט מיר פאַר די אויגן. נישט צום פאַרטרייבן דיך.

וואָס ווילסטו דען פון מיר עבר מיינער? אז איך האָב דיר גאָרנישט געהאט!... אַז איך האָב דיך פון מיין הארצן ארויסגעריסן!... „נישטאָ קיין היינט אָן קיין נעכטן" — זאָגסטו. איז נישט, איז וויל איך נישט, דארף איך נישט אַזאַ היינט!

א היינט... מיט פארצווייפלונג און אזעלכע דעריגערונגען.

און שוין ווידער שטייסטו אקעגן מיר, יוליענקע טייערער! מיין קינד! מיט דיין זיס שמייכעלע, מיט דיינע שיינע, קינדערשע בלויע אויגן. ווער ס'האָט אין זיי ארייננגעקוקט האָט פּלוצלינג דערזען: וועלט, זון, אמת און געוויסן. איך קען זיך אין דיר זאַט נישט אָנקוקן. ווו האָסטו אַזעלכע ברייטע פּלייצעס גענומען? און נאָך וועמען אַזאַ הויכן וווקס געירשנט? צי איז דאס די גרענצענלאָזע ליבע פון דיינע עלטערן, וואָס וואָלטן זייער לעבן פאר דיין טריט אוועקגעגעבן? איז פאר אַ וואָסערע וועלט ביסטו אלס קרבן געבראכט געוואָרן?

דאָרט... אין די קיראוואגראדער וועלדער אליין, אָן קיינעם. קינד, האָסטו געבענקט? האָסטו געוויינט אין די לעצטע מינוטן? האָסטו דעם טאטן, די מאמע גערופן? מיין אויסגע־צערטלטער איידעלער!

פארשאָלטן זאָל זיין אָט די וועלט, וואָס האָט דיין לעבן צו 19 יאָר איבערגעריסן, אָן אַ פארוואָס, אָן אַ צוליב וואָס.

און ס'שטייען און שווייגן די שטומע עדות, די ענדלאָזע, אוקראאינער וועלדער. נישט זיי דערציילן פון די שאָטנס, וואָס פלעגן בלאָנקען אָן אַ ציל און אָן אהיים צווישן זיי. נישט זיי דערציילן, ווי מענטשן, ווי ווילדע חיות געיאָגטע, פלעגן זיך פארהלשטע טוליען צו זייערע שטאמען און דערנאָך זייערע נשמות אויף אַ פרעמדער ערד אויסהויכן.

ס'שווייגן די „סאסענקעס“, די גריבער מיט צאַפּלענדיקע קערפּערס. ס'שווייגט דער ספיר. אַלץ שווייגט און גייט זיך גלייכגילטיק זייער וועג. און פרעמד איז אונז די ערד, וואָס איז פאַר אונזערע מערדער פרוכטבאַר און געבענטשט.

איז וועל איך אייך נישט באַזינגען, אוקראַאינער וועלדער, מיין לעבן, מיין עבר. מעגט איר אפילו מיין הארץ אויף שטי־קער צערייסן. פאַרשעלטן וויל איך אייך! פאַרטריקנט און אומגע־בראַכט זאָלט איר ווערן אַזוי, ווי אונזער פאָלק, אונזער עבר איז אומגעבראַכט געוואָרן.

— — — — — — — —

„ספיר“ מיינער, שטיבעלע מיינס, קינדער מיינע! קען דאס מעגלעך זיין, אַז אַלץ איז פאַרשוואונדן?





# אין „אַמעריקע"...

טייערע צביה'לע!

איך שטעל זיך פאָר דיין פארוואונדערונג, אַז די וועסט מיין בריוו דערהאַלטן. די קענסט שוין אודאי זיין אומרואיק, ווו זיינען מיר דאס אַהינגעקומען. איז שטעל דיר פאָר, אַז מיט אונז האָט פאַסירט ווי מיט יענעם נאר. געפאָרן אויף אַ חתונה און פאַר־בלאָנדזשעט אויף אַ לויה. א גו, טרעף, ווו זיינען מיר! אין... אַמעריקע!

וואָס זאָגסטו עפעס דערצו? דאַכט זיך פאַרמאַכט אַלע גרענעצן אַהין. מ'זיפט דורך הונדערט זיפּן, ביז מ'לאָזט עמיצן אַדורך. איז שטעל דיר פאָר אַז מיר זיינען אין אַמעריקע. מאַל דיר אויס, אַזאַ יאר אויף אַלע אונזערע שונאים, ס'ארא אַמעריקע דאס איז. ווען איך וויים נישט, אַז ס'איז אמעריקע וואָלט איך גע־מיינט — איך וויל ניט אויסריידן מיט מיין מויל. שטעלסט זיך עפעס פאָר אַן אַמעריקע! נישט קיין שטיקל פלייש און קיין שוועבעלע, קיין פאַפּיראָס, קיין לייב און לעבן.

ס׳הייסט, ס׳איז יא דא. פאַראַן קליימן, ווו ס׳שטייען אויס־געשטעלט אלערליי „דעליקאַטעסן“, ווי אַ שטיקל ווורשט, אַ ביסל מאנע־גרייפּלעך, האָבער־פּלאָקן.

איז צו דעם דאַרף מען האָבן „קארטעטשקעס“. און זיי גיט מען גאָרניט אַרויס. אין אנהויב, אַז איך בין אנגעקומען, האָב איך זיך שטארק דערשראָקן, מ׳זאָל נישט געפּרוווט ווערן, מיר האָבן שוין אַלץ איבערגעלעבט. פּאַרקלאַפּטע קליימן, וויטרינעס אויס־געשטעלט מיט ליידיקע פּודעלעך, און אין גאַס — די אויטאָס פליען און די מאָטאָציקלען רעווען, וואָלסט געקענט מיינען — גאָט ווייסט, וואָס פאַרא געשעפטן מען מאַכט דא.

האָב איך זיך שטארק דערשראָקן, ווען איך האָב דערזען אט דאָס בילדל. „ווי איז מיר“ — זאָג איך צו מיין מאַן — „מיר האָבן ניט אַמאָל, טשאָסעם פאַרבלאָנדזשעט אויף צוריק, פון וואַנען מיר זענען אַרויס“, ווייסט דאך, ס׳מאַכט זיך אמאָל מ׳דאַרף אויף דער גיך, גיט מען זיך אַ זעץ אַריין אין אַ טראַמוויי, מ׳פאָרט אָפּ אַ פּאָר סטאַציעס, דערזעט מען, אַז מען פאָרט פאַר־קערט, ווי מ׳האָט באַדאַרפט. נאָר מיין מאַן באַרואיקט מיך: „ס׳איז אַזאַ מין ערזאַץ־אַמעריקע“. מילא, זאָל זיין ערזאַץ־אַמע־ריקע, געזונטערהייט, וואָס זיי ווילן, נאר איין זאך: איך וויל דא ניט זיין. גענוג זיך אָפּגעוואַלגערט אויף פרעמדע ערטער. איך וויל זיך שוין אויך אמאָל באַזעצן, איך זאָל וויסן, אַז דאָס איז מיין ארט.

גלויב מיר, אַז דער וועג אַליין איז ווערט געווען, מיר זאָלן זיך שוין ענדלעך אָפּרוען. יציאת מצרים איז גאָרניט. עפּעס אַזוי מיינסטו, פאָרט אַ ייד אַהיים! שבעה מדורי גיהנום זיינען מיר אדורכגעגאַנגען. מיר זיינען געווען גריכן און טערקן, און דייטשן,

און טויב-שטומע, געגאנגען צו פוס און געקראָכן אויף אַלע פיר. אויפן וועג האָט מען ביי אונז צוגענומען וואָס מיר האָבן געהאט. דאָרט ווו יעדער נאָרמאַלער מענטש פאָרט אַ טאָג, זיינען מיר געפאָרן חדשים. איבערגעליטן אַלץ אין דער וועלט. איז וואָלט כאטש געווען כדאי, ווען ס'ווערט אַ סוף צו די צרות. איז ניין: נאָך אַ סטאַנציע פון דאַנען, ווען אונזער צוג וועט אָפּגיין ווייס איך שוין גארניט.

אייגנטלעך איז דאַ ניט אַזוי שלעכט. ווייל וואָס קען זיין שלעכט. אַז „מ'גיט". שטעלסט זיך עפּעס פאָר? קענסט דאַ אָפּלעבן חדשים אָן אַ גראָשן געלט.

עסן גיט מען און אנטאָן גיט מען. און אַ וווינונג גיט מען, און מיט אַרבעט איז אויך ניט געפערלעך. ניט מער איך בין זיי מוחל דעם כבוד. איך האָב ליב צו אַרבעטן און זיך אַליין קויפן. ווייל איך קויף איך אַ הערינג. ווייל איך קויף איך אַ געבראָטענע גאַנדז. און דאָס אייגענע מיטן אנטאָן. אַז איך דאַרף אַ קליידל, גיט מען מיר אַ פּאָר זאָקן. מיין מאַן אַ שטייגער, האָט באַקומען 2 פּאָר, זיי מיר מוחל, אונטערהויזן, איז איין פּאָר אַזוי ברייט און לאַנג אַז געדענקסט ביי אונז, מיכאַלקע דעם קאַלבאַסניק, וועט ער זיך דריי מאָל קענען מיט זיי אַרומוויקלען. די צווייטע פּאָר וואָס ער האָט באַקומען, איז פאר אַ 14 יאָריק ייִנגעלע. כ'האָב זיי באַהאַלטן און אַז מיר וועלן זיך זען, וועל איך זיי אייך ווייזן.

נאר אַ טייערע זאך איז דא פאראן, ממש משיח'ס צייטן, אַלע גלייך. וואָס הייסט אַלע? מענטשן פון גאָר דער וועלט, פון אַלערליי ריכטונגען, אַלע זיינען אויסגעגלייכט. אפשר האסטו געזען אַ מאָל? ס'איז דא אַזאַ בילדל אונטערגעשריבן: „והיה באחרית הימים". שטייט דאָרט אַ וואָלף און שמייכלט און געבן אים כמעט צוגעטוליעט ציפּט אַ ציגעלע רואיק דאָס גראָז.

דא אויך אזוי, אלע גלייך: אוקראינער, פאליאקן, מאדיארן, ליטווינער. געזונטע, אייזערנע בחורים. מ׳זעט באשיינפערלעך, אז אין קיין קאצעט זיינען זיי ניט געווען. און אויב געווען, איז אויף גוטע שטעלעס. באקומען זיי אנטאן און עסן און אלדאס גוטס און זיי פילן זיך דווקא ניט שלעכט, ווייל א היים כאפן זיי זיך ניט, כאטש זיי לאזט מען דווקא פארן א היים. מ׳פארבעט זיי אפילו, אבער זיי זיצן דא און הייסן אויך קאצעט-לייט די-פי, אזוי ווי מיר.

נו, איז עס ניט משיח׳ס צייטן? נאר איך מוז איבעררייסן מיין שרייבן, ווייל „מ׳גיט” און איך גיי „נעמען”.

זיי מיר געזונט. אין צווייטן בריוו וועל איך דיר מער שרייבן.





# אומשולדיק נעבעך . . .

טייערע צביהלע!

דו זעסט, ווי אַזוי איך האַלט וואָרט. איך האָב דיר אין יע־נעם בריוו אנגעהויבן שרייבן וועגן די טייערע שכנים אונזערע פון גאָר דער וועלט, וואָס האָבן דוקא אַ היים און זיצן דאָ. איז די מעשה ניט אַזוי פּראָסט. מ'טאָר קיינמאָל ניט באַשולדיקן, ביז מ'הערט ניט אויס. ווייזט זיך אַרויס, אַז מען פאַרבעט זיי ניט אַזוי שטאַרק צו זיך אין די היימען. ס'הייסט מ'לאָזט זיי אריין, זיי קענען קומען. נישט מער, מ'וויל ביי זיי אַ דין וחשבון פון דער גאַנצער צייט פון דער מלחמה. באשר מ'זאָגט אויף זיי זיי זענען מיט די דייטשן געווען יד אחת. אין אמת'ן הויבט זיך נישט אָן און ס'לאָזט זיך נישט אויס. אַן אויסגעקלערטע מעשה. זיי ווייסן ניט פון עפּעס צו זאָגן. אפשר, זאָגן זיי, איז דא צווישן זיי אַזעל־כע פאַרשטעלטע, פאַרמאַסקירטע, וואָס האָבן געהאָלפן די דייטשן ראַבעווען און הרגענען יידן, ווייסן זיי נישט פון אזעלכע. זיי האָבן מיט אַזעלכע קיין שום געמיינזאַמעס און יידן האָבן זיי ליב דאס חיות. און ווען זיי פּאַקן עפּעס אַ נאַצי, וואָלטן זיי אים אַליין צעריסן אויף שטיקער. איז וואָזשע פּאַקט מען אַזעלכן? אַנו, פּרוּוו גע־

פֿין איין נאַצי. דאָ איין סאַמע בּרען, איין סאַמע קאָך, איין סאַמע קעסל פֿון היטלערן, מיט דער גאַנצער כּנופֿיה. ווו זיינען זיי אַהינגע־קומען? מ׳ווייסט נישט. נישטאָ און שוין, נישטאָ און אַפּילו נישט געווען אויך. ס׳איז אַפּילו דאָ אַזאַ פּאַראַגראַף אויף די אויסווייזן אויף בּירגערשאַפֿט: געווען אַ נאַצי? געאַרבּעט בּיי היטלערן? איז אויב נײן, דאַרפֿסטו ענטפֿערן איין וואָרט, „ניין". איז שטעל דיר פֿאָר, כּמעט אַ 100% „ניין". מיר יידן דאַרפֿן אויך אַזוי ענט־פֿערן „ניין" און שוין. ס׳הייסט מיר האָבּן ניט געאַרבּעט מיט היט־לערן און ניט געווען קיין נאַצי. אָט דאָס הייסט גלייכהייט; אַלע גלייך. און ווען דו זאָלסט וויסן, ליבּע צביהמשקע, ווי מיר האָבּן אַזוי אומזיסט, אומנישט באַשולדיקט די דייטשן. היטלערן האָט גאָר קיינער ניט געוואָלט קענען, פֿון קיין נאַצי איז אָפּגערעדט. און פֿון די לאַגערן און בּרען־אויוונס האָבּן זיי נישט אָנגעהויבּן צו וויסן. זיי האָבּן יאָ געוווסט, אַז עס זיינען דאָ לאַגערן, ווייל ווי אַזוי האָט מען געקענט נישט וויסן, אַז ס׳איז געווען אונטער דער נאָז: ווי אַ שטייגער דער באַוווסטער דאַכאַו, נעבּן מינכן און נאָך אַזעלכע. נישט מער זיי האָבּן געמיינט, אַז מ׳האַלט דאָרט סתם אַזוי יידן. מ׳וויל ניט, זיי זאָלן זיין צוזאַמען מיט די דייטשן, פֿאַרשטייסט? אַבּי מיר האָבּן געמיינט, אַז מ׳האָט איבּערגעשיקט אַהער אונזער האָבּ און גוטס, אַז אַפּילו די פֿאַרבּלוטיקטע העמדלעך פֿון אונזערע פֿאַרפּייניקטע קינדער, האָבּן זיי זעער שיין אויסגעוואַשן, די פֿרומע דייטשקעס. שטעל דיר פֿאָר, אַז ס׳טרעפֿט אַמאָל, מ׳פּאַקט אַ נאַצי, אַ הענקער, וואָס האָט זיך געבּאָדן אין יידיש בּלוט און מ׳זעצט אים איין, איז דערנאָך דאַרף מען גיין צו־שטעלן עדות. איז גיי וועק די טויטע, די פֿאַרבּרענטע, זיי זאָלן עדות זאָגן. און אַז דו געפֿינסט שוין יאָ דעם עדות, טייערסטו,

איז וואָס? מ'זיצט אָפּ טעג און נעכט, מ'שרייבט אויס פּאַפּיר, אַז, מעגסט מיר גלויבן, ווען מ'האָט דאס אין אַן אנדער לאנד וואָלט מען זיך מחיה געווען. אלץ צוליב וואָס? כדי חלילה אַן אומשולדיקן ניט פארמשפּטן. נאָר גאָרניט, וואָס איז דער חידוש פון אנדערע, אַז מיר אליין זיינען טאקע אויך שטארק געניגט שוין צוריק צו באַוואונדערן, און זיך צו אנטציקן מיט דעם טייערן פאָלק. און טאקע באמת אַזאַ העפלעכע ליבע און אַזעלכע לייטי= שע מענטשן האָסטו גאָר אין דיין לעבן ניט געזען. גרייט פאר דיר אין פייער און וואַסער. פּרוּוו גיב אַ שטעל אָפּ א דייטש און פרעג ווי אַזוי דו דאַרפסט גיין? וועט ער זיך דיר אוועקשטעלן אויף 2 שעה: „גייען זי גראַדע אוים און דאן מאקס וועבער פּלאַץ, דאן פארקערעווען זי לינקס, פארן זי מיט דער ליניע 4, דאן לויפן זי אַ קליין ביסל ביז צו דער ליניע 1". דו ווילסט זיך שוין ארוים= דרייען פון אים, האלסט זיך אין איין בוקן: „ביטע שען", „דאנקע שען", „ביטע שען", דאנקע שען", נאָר ניט ביי מאָטיען. ער גייט דיר נאָך, פארקירעוועט מיט דיר און האלט דיר אין איין פארטייטשן ביז דו ווערסט אין גאנצן צעמישט און דו פארגעסט ווו דו באַדארפסט אייגנטלעך צו גיין. אָט אַזאַ מין פאָלק איז דאס און „נאצי", קוים וואָס זיי ווייסן וואָס דאס איז: היטלער און שוין. היטלער האָט געשאָסן, פארברענט, אָנגעטאָן אלעמען צרות און איז נעלם געוואָרן. גיי זוך אַ ווינט אין פעלד. איז זאָלסטו זען, ווי מיר זיינען מיט זיי קוצעניו, מוצעניו, וואָס הייסט נפש אחת. שוין אפילו אַזאַ חילול השם דערלעבט. זעער אַ סך פון אונז פארשוועכן דעם אָנדענק פון אונזערע קדושים און גייען ארום מיט די טעכטער פון די מערדער. אָבער וועגן דעם לאָזט זיך ניט סתם אַזוי רעדן. אָבער מיר אליין זיינען אויך ניט בעסער. אפשר געדענקסטו, מ'פלעגט דערציילן, אַז אמאָל איז פוילן האָט

יעדער פּאָליאַק געהאַט זײַן „מאַשעק“. דאַ אויך. יעדער ייד האָט זיך זײַן דײַטש, וואָס ער ווייסט געווים, אַז ער איז ניט געווען קיין נאַצי א. א. וו. היינט אַ שטייגער גייסט אַריין צו אַ דײַטש עפּעס קויפן, בעט ער 2 מאַרק, גיט מען אים 5 און מ׳לאַכט: „אַ יעקע“. פאַר 3 מאַרק, זע נאָר ווי ער דאַנקט! טוט ער דיר עפּעס און בעט פאַר דער אַרבעט אַ מאַרק, גיט מען אים 3. נישט חלילה מחמת רחמנות. איך ווּנטש זיך, אם ירצה השם, אַז מיר וועלן שוין זײַן בײַ זיך אין דער היים, זאָלן מיר וויגען אין אַזעלכע שטיבער, מיט אַזאַ מעבל, מיט אַלדעם גוטס. זאָלסט זען ווינונגען, לויטער לוקסוס און אײַנריכטונגען, מעבל — אַ קונסט ווערק! פּענצטער דעקאָרירט מיט דרייערליי פאָרהאַנגען און אַלץ שטייט אויפן אָרט. חלילה ניט גערירט און ניט גענע־דערט אין דעם גאַנצן וועלט קאַשמאַר. און אָנגעגרייט איז אויף יאָרן. אפילו האַלץ ליגט ניט גערירט 10—8 יאָר. אפשר וועלן זיי אַמאָל קרענקן און מ׳וועט דאַרפן „גויט האָלץ“, הייסט עס נאָר דווקא קרענקן, קרענקן זיי נישט. אין דעם טאָמע געפּערלעכסטן הונגער, ווען אַלע ציימונגען און אַלע טעאַטערן פאַרנעמען זיך נאָר מיט דעם „נעבעך“ און די וועלט ראַשט שוין טאַקע, אַז מען נעמט און מ׳הונגערט אויס אַ פאָלק. איז זאָלסט דו אָנקוקן די קינדער: אויסגעספּאַרטעוועטע, געזונטע, פרישע און עס דער־מאָנט זיך... אוי, צביהלע! טוט דאָס האַרץ וויי. דעמאָלט, ווען אונזער האָב און גוטס איז צעראַבירט און פאַרברענט גע־וואָרן, האָבן זיי זיך זייערס אין דער גרעסטער אָרדנונג אָפּגע־היטן. אָנהויבנדיק פון אַ שטויב־טיכל ביז אַ אייגענעם אויטאָ. דעמאָלט, ווען אונזערע עלטערן, שוועסטער און ברודער — דעמאָלט, ווען אונזערע קינדער זענען אין די גאַז־אויוונס און קרעמאַטאָריעס פאַרברענט געוואָרן, האָבן זיי רויזן קולטיווירט,

קליינע הינטעלער געבאָוועט. און אזוי לעבן זיי זיך אויך איצט אויס, אונזערע מערדער, אונזערע פארטיליקער, קיינער חלילה רירט זיי נישט. קיינער מאכט זיי נישט קיין פאָרווורף; מ'באַשולדיקט זיי ניט. פארקערט די וועלט האָט שוין באַשלאָסן, אַז דאס „פאָלק" איז ניט שולדיק. שולדיק זיינען עטלעכע מענטשן. ווען מען שוין זען אי"ה נאָך עטלעכע זיצונגען מיט עדות זאָגן. וועט מען שוין זען וואָס מיט זיי צו טון.

דערווייל זיי מיר געזונט. „מ'גיט און איך גיי געמען". אין דעם נאָענטסטן בריוו וועל איך דיר מער שרייבן.





# אונזער לעבן דאָ.

טייערע חברטע מיינע!

פיל ברייוו האָב איך דיר שוין געשריבן איך פּרוביר דיר אַלץ אונזער לעבן דאָ צו באַשרייבן, כדי דו זאָלסט כאָטש אַ ווערבע עס איז פאַרשטעלונג וועגן אונז האָבן. אָבער איך ווייס נישט צי האָט זיך מיר דאס ביז אהער איינגעגעבן. איינגנטלעך איז אונזער לעבן דאָ פאַרבלאָז. און די ריכטיקע פאַרשטעלונג בכלל האָט מען נאָר דאן, ווען מען לעבט אַלץ איבער אליין. קיין שום ווערטער און באַשרייבונגען וועלן נישט און קענען נישט איבערגעבן דאס, וואָס אַ מענטש פילט בשעת ער לעבט אַלץ איבער אליין. ובפרט מיר, „אויסטערלישע באַשעפענישן". אין דער גאנצער געשיכטע, פון זינט גאָט האָט די וועלט און די מענטשהייט באַשאַפן איז נישט געווען אַזאַ מין סאָרט באַשעפעניש, ווי מיר דאָ יידן פון „שארית הפליטה".

האָסט אַמאָל געזען מענטשן, צו וועלכע אלע האָבן טענות? מענטשן, מיט וועלכע קיינער איז נישט צופרידן און וועלכע זיינען אלעמען עפּעס שולדיק.

די ערשטע און הויפּט טענה, וואָס די פעלקער, צווישן וועלכע מיר לעבן האָבן צו אונז, איז הלמאי לעבן מיר בכלל. וואָס הייסט! זיי האָבן זיך באַמיט, אַלץ געטון, כדי אונז צו פאַרניכטן, נעמען מיר און לעבן ווייטער, אַזוי ווי קיינמאָל גאָרנישט. נישט וויכטיק די צאָל, 7 מיליאָן צי אַ האַלבער. הונדערטער טויזנטער אויף אַ שטאָט, צי איבערגעבליבענע 10, אָבער דער פאַקט אליין, מיר לעבן! און דאָס איז נישט גוטיק איבריק. צו וואָס דאַרפן זיי דאָס? דערינערונגען גוטע, שלעכטע, צו וואָס? אויסגעהרגעט אַ פאָלק און שוין, אַראָפּ פון מאַרק. איז ניין, אלע מאָל גייט מען אַרום ווי מייז פון די לעכער און שאַפן עפּעס אַ מין אומרו פאַר דעם אַרומיקן עולם, עפּעס ווי פון יענער וועלט. ווייל טאַקע אין אמת, זיי אליין האָבן מיט די אייגענע הענט פאַרגאַזט, טויטע און לעבעדיקע אין די גריבער באַגראָבן, געשאָסן, געהרגעט. איז ווי קומען מיר נאָך אויף דער וועלט?

ווייסט צביה׳לע, עס מאַכט דעם איינדרוק, ווי עפּעס פילן זיי זיך נישט באַקוועם, אונזערע שכנים און בעלי־בתים. גלייך ווי מתים וואָלטן אויפגעשטאַנען, און זיי דאָס לעבן געשטערט. און ס׳קומט אויס, כאָטש גיי און שטאַרב אַוועק, כדי זיי פון אומבאַקוועמלעכקייט באַפרייען.

און מיינסט, אַז מיר פילן דאָס נישט?

אין ערשטן זשענירט מען זיך נישט, און מען גיט עס אונז זייער שיין אָנצוהערן. אפילו גלייך אין פּנים. אָבער אחוץ דעם, מיר אליין זיינען טאַקע נישט די גלייכע, נאָרמאַלע מענטשן פון פריער, פון אמאָל. ווייסט אויס מ׳קען נישט לעבן מיט אַזאַ גרויזאַמען נעכטן. ווו מ׳זאָל נישט און וואָס מ׳זאָל נישט טון, שטייט ער פאַר די אויגן דער קאָשמאַר און פאַרסמט יעדע מינוט, לאָזט נישט פריי אָפּאָטעמען...

קלערט מען צו אלערליי זאכן, כדי צו פארגעסן. אייניקע וואַרפן זיך אין דעם הויכן פון טאָג. קומט די נאכט און צאָלט אָפּ פאר אלץ מיט וויסטיקע, בייזע חלומות, אין וועלכע מען לעבט ווידער אויפסניי אלץ איבער. מ'כאַפּט זיך אויף אינגאנצן נאַס, באַדעקט מיט שוויס. אַ בייזער חלום! נאָר וואָס אַ סעלעקציע איבערגעלעבט. נאָר וואָס דעם קינדס, דער ווייבס, דער מוטערס געשריי געהערט... ווען מען האָט זיי געשענדעט, געהרגעט. און שנעל רייסט מען זיך פון בעט אַראָפּ, פאר מורא, חלילה נאָך נישט אמאָל איינשלאָפן, נאָך אמאָל דעם קאָשמאר אין חלום נישט איבערלעבן. דאס איז די נאכט, דער אָפּרו. שטייסט אויף צעבראָכן, דערשלאָגן.

און ווידער קומט דער טאָג מיט דער „מורא", די אייביקע מורא פאר דעם מאָרגן, פאר דעם „וואָס וועט זיין", פאר דעם „וווהין גייט מען"?

שטייט זי, די שוואנגערע פרוי נעבעך און קוקט מיט שרעק אויף איר באַפּרוכטבאַרטן בויך. „גאָטעניו! ווער ווייסט, וואָס עס וועט זיין? איך גיי מיין קינד געבוירן. און שוין האָב איך דאס אַזוי ליב! עס וואַרפט זיך, עס דערמאָנט אָן זיך, עס לעבט. אַזאַ פרייד! און אַזאַ מורא! ווער ווייסט, וואָס מיין קינד דערוואַרטעט"?

זי האָט שוין אַ סך איבערגעלעבט, די מוטער, זי ווייסט שוין. און די יונגע, וואָס האָט נישט איבערגעלעבט, האָט געהערט און ווייסט אויך. און דאס הארץ ווערט פארציטערט פון שרעק. די פרייד פארגייט און ס'בלייבט נאָר מורא. שרעקלעכע, אומבאַגרענעצטע מורא! פאר וואָס? מ'ווייסט נישט. נישט געגנבעט, נישט געגזלט, קיינעם נישט באַעוולט. אליין ריין. דורות לאנג

ריין. מיט אַ זויבערן געוויסן, אָן אַ פלעק. און דאָך שולדיק. און פאַרפאַלגט ווי דער גרעסטער רוצח.

ווייסט, אַ פריינט האָב איך. איז ער 4 יאָר אויף ארישע פּאַפּירן געווען. יעצט ווידער אַ ייד געוואָרן. אַ שיינער ברייט־פּלייציקער, געזונטער. האָט פאר קיינעם נישט מורא. קעגן דעם געזונטסטן שטעלט ער זיך אין אָפענעם קאמף.

איז גייסטו אַזוי מיט אים. און פּלוצלינג, מיט אמאָל הייבט ער אָן גיין לאנגזאם, אומזיכער. די אויגן ביי אים לויפן אין אלע זייטן, ווי ביי אַ חיה, וואָס מ׳יאָגט נאָך. דאס פּנים ווערט ביי אים ווייס און טראָפּן שווייס באווייזן זיך אויף זיין שטערן. אַ מינוט און ער קומט צוריק צו זיך און שמייכלט פארלעגן שעמעוודיק. ס׳האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז עמיצער גייט אים נאָך, אַז ער איז נאָך „דאָרט“, אויף די פרעמדע פּאַפּירן. ער האָט „אויגן אין דער פּלייצע דערפילט“ און האָט נישט געוווסט צו גיין גיך צי פּאַמעלעך. צי ערגעץ אנטלויפן און זיך אויסבאַהאַלטן. נישט לאנג האָט דאס געדויערט: אַ מינוט 2—3, אַ קליינע איבערלעבעניש פון דעם לעבן „דאָרט“.

אין ווי זשע האָט ער אַזוי געלעבט 4 יאָר? 4 לאַנגע, שרעק־לעכע יאָר? טעג, נעכט אָן אן אויסוועג און אויסזיכט. נאָר מיט דער שרעקלעכער מורא אין הארצן, וועלכע איז אויף אייביק פארבליבן... אויף אייביק פארחתמעט יונג און אלט. און פאר־שוווּנדן איז דער גלויבן אין גאָט און מענטש. ביידע האָבן פאר־ראטן. קיין איינער פון ביידע האָט דעם ווי געשריי נישט גע־הערט און צו הילף נישט געקומען.

וועסטו פרעגן, ווי אַזוי זשע לעבן מיר דא? ווער זאגט דען דיר, אַז מיר לעבן? עקזיסטירן הייסט נאָך נישט לעבן. אויך אין קאַצעט האָט מען עקזיסטירט, אויך אין די לאַגערן. אמת,

דאָרט איז מען נאָך פאַר הונגער געשטאָרבן. מיר דא האָבן עסן. אָבער מיר ווייסן נישט, צו זיך אנעסן היינט אסך, פאַר אמאָל, ווייל ווער ווייסט, אפשר וועט מען מאָרגן שוין נישט קענען עסן? ווידער אַלץ אַוועקוואַרפן און לויפן? צו פאַרקערט, באַהאַלטן אויף מאָרגן? ווער ווייסט, צו וועט מען מאָרגן עפּעס קריגן?...

און דאָס ביסעלע, וואָס האָסט דערוואָרבן מיט דער הילף פון קרובים פון אַמעריקע, אָדער דורך אַרבעט און שפּאָרזאַמקייט, איז וואָס מיט דעם? דאָס מיט זיך נעמען, ווי אַזוי? דאָס אי־בערלאָזן? ווידער אַלץ איבערלאָזן, ווי דאָן? מיר האָבן דאָך שוין דאָס איבערגעלעבט! מיר האָבן דאָך אונזערע רייכע, שיינע הייזער ארעם און נאַקעט פאַרלאָזן. נישטאָ קיין שלעכטס אויף דער וועלט, וואָס מיר האָבן שוין דאָס נישט איבערגעלעבט. ווייסן מיר דאָך, אַז זשאַלעווען דאַרף מען נישט, אַז קלייבן דאַרף מען נישט און... גלויבן אויך נישט. קיינעם נישט. און ס'באַקומט זיך עפּעס אַמין פאַרוועקסלונג פון באַגריפן. פון גוט און שלעכטס, ערלעך, נישט ערלעך, שוואַרץ, ווייס.

פרעגסטו, ווי אַזוי זשע לעבן מיר דא? און ווער וועט דאָס אנרופן לעבן? און ווער האָט דיר געזאָגט, אַז מיר לעבן?

זעסט אַ פרוי, פאַרפּוצט נאָך דער לעצטער מאָדע, אין אַ שיינעם פעלץ־מאַנטל, אויף די הענט בראַנסלעטן מיט פינגערלעך, דער קאָפּ בלאָנד אנדולירט. ווייסט נישט, וויפיל קען זי אַלט זיין? און צופרידן קלערסטו: אָט די איז כאָטש דעם גהינום נישט דורכגעגאַנגען. זאָל זיין כאָטש איינע אַ גליקלעכע. און ס'מאַכט זיך אמאָל, מיר בלייבן אַליין. און איך פּרוּוו פאָרזיכטיק אנרירן: „שוין פאַרהייראַט, צו נאָך אַ פרייילן?“. און די פרוי ווערט פּלוצ־לינג ערנסט: „דאָס איז מיין צווייטער מאַן שוין“, זאָגט זי שטיל „יענעם האָב איך פאַרלוירן, נאָך אין געטאָ, מען האָט די אינ־

טעליגענץ געגומען. מיין מאַן איז געווען אַדוואָקאַט, האָט מען אים אויך צוגענומען“

איך שווייג. איך וויל שוין מער נישט פרעגן. איך זאג איר נאר העפלעך: „יא, איר זעט אַזוי יונג אויס“.

אָבער די סטרונע איז שוין אנגערירט און דער קלאַנג גייט ווייטער, פון זיך אַליין: „יונג, עס ווילט זיך זיין יונג. מער איז דאך גאָרנישט געבליבן... צוויי קינדער ביי מיר צוגענומען, א זו־נעלע פון 14 און אַ טאכטערל 10 יאָר אַלט. איינציקע אויף דער וועלט זענען זיי געווען, די קינדער מיינע, נישטא מער אזעלכע.“ דער פרוים קול הויבט אן ציטערן. „נישטא קיין מאַן, נישטא קיין קינדער. און מער קיינמאל נישט זיין... גארנישט, אַ פוסטקע ארום. און דאס!“ — זי קוקט מיט פאראכטונג אויף אירע פינגער, מיט די געפאַרבטע רויטע נעגל און בריליאַנטענע פינגערלעך. דאס איז נישט איך. דאס איז שארית־הפליטה. זיך אַליין אָפּנאַרן, יענעם אָפּנאַרן. און אַז איך פאַרב שוין מיינע גרוי־ווייסע האר, וועל איך דען קענען אַ קינד געבוירן? גיין!“ — שרייט זי אויס מיט רוגזה. „איך גאַר אַלע אָפּ, אָבער זיי, מיינע טייערע, ווען איך רעד, ווען איך לאַך, שפיל איך זיך מיט זיי. איך לייג זיי שלאפן און איך זינג זיי. כסדר בין איך מיט זיי“. — זי גיט אַ פאר איבער דעם בלאָנדן געלאָקטן קאָפּ. „און דאס איז אַלץ פאַלש, צוזאַמענגעקלעבט, אָפּגעפאַרבט, ווי מ'פאַרבט אָפּ אַן אַלטן פאַרפוילטן פליים. און דאס נייע לעבן? עט, אויך דאָס איז צוזאַמענגעקלעפט. קינסטלעך, זאָל זיך דאַכטן, אַז יאָ.“

דאָס איז די פרוי און אַזוי אויך דער מאַן, וואָס יאָגט און לויפט. און פלוצלינג שטעלט ער זיך אָפּ. ער ווייסט נישט צוליב וואָס, פאַר וועמען? אז במילא איז קיין אמתע פרייד נישטא, אז

במילא קיין זיכערהייט צו פאַרגוצן דאס דעראבערטע איז נישטא. אויף וואָס זשע איז דאס לויפן? אויף וואָס הארעווען?

פאַרשטייסט, קיינער וויל זיך נישט אָפּגעבן קיין דין וחשבון. וויל זיך נישט אָפּגעבן, ווייל צו שרעקלעך וואָלט דאן געווען די ווירקלעכקייט. נישט צום אויסהאַלטן.

טייערע מיינע, איך קען דיר מיט ווערטער נישט איבערגעבן, צו שוואַך בין איך. און ווערטער זאָגן דאך אַזוי גאָרנישט. ווי האָט דען די וועלט פאַרשטאַנען 6 מיליאָן פאַרפייניקטע? 6 מיליאָן לעבנס—צאַפּלנדיקע, יונגע, אַלטעלעבנס. מענטשלעכעלעבנס, וועלכע האָבן געפילט און אַזוי שטאַרק געוואָלט לעבן. 6 מיליאָן זענען ציפערן געוואָרן. און די ליידן? ווערטער זאָגן גאָרנישט. צום אָנהויב האָט מען נאָך געהערט, געלייענט ווי אַ ביכל מיט אַ טרויעריקן אינהאַלט. דערנאָך איז דאָס אַלט געוואָרן, נישט אינ־טערעסאַנט. „אָט, אַזוי זיך״, שוין געהערט פון דעם, נישט קיין נייס, יעצט האָט מען דאס גענוג.

און מיר אַליין? אויך מיר אַליין האָבן דאָס גענוג. און מיט אונז די גאַנצע וועלט. גלייכגילטיק, ווייניקער ווי פאַר אַ פאַר־קלענערטן ראַציאָן פאַר די דייטשן איז די וועלט דורך אונזער גרויסן אומגליק אַדורך. און מיר האָבן גאָרנישט געטון, כדי אָט די גלייכגילטיקייט פארענדערן, ווי געהעריק חתמענען. מיר האָבן נישט רעאַגירט. ווי שעפּסן נאָך דער קאָריטע מיט עסן, זיינען מיר פאַרהיפּנאָטיזירט נאכגעגאַנגען, דעם אונז צוגעוואָרפענעם שפּייז און קאָנסערווןן פושקע, און פאַרקויפט האָבן מיר פאַר דעם לינזן טאָפּ די אומענדלעכע ליידן פון אונזערע הייליקע קדושים. גארנישט געטון. נים קיין נקמה גענומען, נישט קיין גערעכטיקייט געפאָדערט. און וואָס אַמשרעקלעכסטן, פאַר אונז קיין עתיד

נישט אויסגעקעמפּט. איז װעסטו פרעגן, טײערסטע, װער איז שולדיק? — מיר װײסן גאָרנישט. אײנס נאָר װײסן מיר: נישטאָ בײ אונדז קײן משה רבינו, װעלכער זאָל אונדז פון דאַנען אַרויס־פירן. און אונזער געטלעכער משיח איז אַזוי װײט, קײנער זעט אים נישט, קײנער הערט אים נישט און במילא גלויבט מען נישט.

אט דאָס איז דאָס לעבן פון אונדז דא, װעגן װעלכן איך װאָלט דיר אַזוי געװאָלט דערצײלן, אַז דו זאָלסט פאַרשטײן, אַז דו זאָלסט דערפילן.

אָבער איך קען נישט... און װערטער זײנען נאָר װערטער און זאָגן גאָרנישט.





# די „גרעקן“...

טייערע צביה!

איך האָב דיר צוגעזאָגט אין יענעם בריוו צו באַשרייבן אונזער וועג אהער. דאס הייסט נים אהער, קיין דייטשלאנד, ווייל געפארן זיינען מיר דאך גלייך קיין ארץ־ישראל. דער אָפּ־שטייג דא איז איינגעטלעך געווען א געצוואונגענער. אונז האָט מען אפילו גישט געפרעגט. אָבער אַזוי איז שוין אונזער מזל — מ'פרעגט אונז נישט. אפשר ווען מיר וואָלטן געהאט א דעה און געקענט ארויסזאגן אונזער מיינונג, וואָלטן א סך זאכן, וועלכע זענען מיט אונז פאָרגעקומען, אויסגעמיטן געוואָרן. הכלל, מילא. אַזוי איז דאס שוין.

איז געקומען דעמאלט צו אונז א פריילן מיט א גאַנץ צעטל. היות, ווי מיר ווילן פאָרן קיין ארץ־ישראל, דארפן מיר ווערן גרעקן.

און כדי צו ווערן גרעקן, דארף יעדער, טוי פרוי, סיי מאַן אַנטון הויזן און אויפן קאָפּ א בערעט. א חוץ דעם דארפן די מענער האלטן אין מויל א ליולקע, און די פרויען, אויב זיי

האָבן, איז אויף די הענט ארמבענדער, נשקשה נישט קיין גאָלד, אפילו בעסער זילבערנע, בלעכענע, און אויפן האלז פאטשערקעס. הייסן דארפן מיר גריכישע נעמען ווי: ברענדענאָסא, מאַלאַקוטאַ, סאפערדעיא, און נאָך אנדערע, אויך אַזעלכע העכסט קלינגענ־דיקע, און גרינג אויסרעדנדיקע נעמען.

רעדן, געוויינלעך גריכיש, נאָר אויב עמיצער קען נישט, איז בעסער אינגאנצן נישט צו רעדן. פארשטיין, פארשטייען מיר גאָרנישט. אַזוי זאָגט אונז דאס פריילן. „קיינער פון אייך זאָגט זי שטרענג — פארשטייט נישט קיין איין וואָרט".

פארוואָס אַ גרעק טאָר נישט קענען קיין שום לשון אַ חוץ גריכיש, האָבן מיר אפילו נישט געוווסט, נאָר אזוי איז עס געבליבן.

אונזער צוזאמענשטעל אַ חוץ אונז איז באשטאנען: פון פאלען מיט איר מאן און אַ 2־יאָריק יינגעלע, אַניטע מיט דעם מאן און 2 אַ האלב יאָריק יינגעלע, דאס אלטע זיבציקיאָריקע פּאָרפאָלק הירשפעלד, וואָס איז צוריקגעקומען פון רוסלאנד און וועלכע האָבן פון דער פאבריק און פון אלע הייזער מיט די צוויי זון און איין טאָכטער, געפונען ערגעץ אין אַ קלויסטער אַן איייניקל, אַ אַכט יאָריק מיידעלע.

דאס זיינען אלץ געווען באַקאַנטע. אַ חוץ דעם זיינען מיט אונז געווען עטלעכע פּאָרלעך און איינציקע אומבאַקאַנטע מענשן, וועלכע זיינען אלס „גרעקן" געפאָרן קיין א"י.

מילא, ווי זאָל איך דיר באשרייבן אונזער וועג? אפשר ווען שלום־עליכם פאָרט מיט אונז, וואָלט דאס אים גענוג געווען אויפן גאנצן לעבן. ליידער איז ער געשטאָרבן און קיין אנדערער

איז נאָך ביי אונז נישט געבוירן. אזוי, אז דו וועסט זיך מוזן באַנגוגענען מיט מיין באַשרייבונג.

כ'וועל דיר אנהויבן פון די קינדער. לויט מיין מיינונג וואָלט דאס יידישע פאָלק נישט באדארפט האָבן קיין קינדער. ביי קיין שום פאָלק זענען די קינדער נישט אַזאַ שטערונג, ווי ביי אונז. כסדר זענען זיי גרוים אין די אויגן. פאר יעדן זענען זיי צופיל. אומעטום איבריק. זענען דאך אָבער יידן אן איינגעגעסן פאָלק, איז אַבי ס'טרעפן זיך צוויי יונגע מענטשן, איז טראך — שוין דאָ אַ קינד.

פון פאלעס קינד, 2 יאָר אלט, האָט מען נאָך געקענט אויס-האלטן. זיין רעדן איז דוקא געווען ענלעך מער צו גריכיש. איז די גאנצע צייט האָט מען נאָר געהערט „ניע ציע", דאס הייסט אויף פויליש — האָט זיין מאמע אונז פארטייטשט — „ניע כצע". ער וויל נישט. ער וויל נים שלאָפן אויף דער באַנק, ער וויל — זאָגט ער אויף גריכיש — שלאָפן אין זיין וויגעלע. אַ העזה פון אַ יידיש קינד! ער וויל נישט קיין קאלטע טיי און וויל נים קיין טרוקן ברויט, — עפעס ווילדע אומגעלומפּערטע פאָדערונגען. און מיינסט אפשר שטילערהייט ווי ס'פּאַסט פאר אַ גריכיש קינד? ניין, דוקא מיט אַ געוויין און אַ געשריי. פּאָ-דערט גלייך, ווי גאנץ גריכנלאנד וואָלט שוין געווען זיינס. איין גליק, וואָס אַ חוץ זיין מאמע, וועלכע האָט אים שטיל איין אַ אויערל באַרואיקט, האָט קיינער זיין גריכיש נישט פארשטאנען.

ערגער איז געווען מיט אניומעס 2 אַ האלב יאָריקן קליינעם. יענער האָט געשריען „ניע נאדא". נאָר וואָס הייסט „ניע נאדא", ווי אַ געבוירענער פאַניע פון אמסק אָדער טאָמסק. און אויך די איינענע טענה. ער וויל נישט זיין דאָ, ער וויל אהיים און ער וויל

מ'זאָל גיין מיט אים שפּאַצירן. און מילך וויל ער דוקא וואַרעמע, נישט קיין קאַלטע. און וואָס די מוטער רעדט אים נישט איין אין אויערל, אַז וואָס הייסט „ביסט אַ גרעקיש קינד, פיר זיך אָנ־שטענדיק", גיט ער אַ טופּע מיטן פוס, און אַ געשריי אויס אויף אַ קול „גיע נאדא", ער וויל נישט און שוין. גיי, טו אים עפּעס.

און אַז נישט צעשטיפּט ער זיך פלוצלינג און צעלאַכט זיך און הויבט אָן זינגען רוסישע לידלעך. מיט אַ קול, מיט אַ דיקציע. פאַרשטייסט דאָך, ווען ער האָט נישט די זכיה צו זיין אַ יידיש קינד, מיין איך אַ גרעקיש, וואָלט מען אים פילמירט און געמאַכט פאַר אַ וואונדער קינד.

נאָר אַזוי, ווי איך האָב שוין געזאָגט, אַז ער האָט געהאַט די זכיה צו זיין אַ זון פון אַ פאָלק, וואָס ס'שטייט פאַר אים דער גאַנצע עולם־הבא, אַז אַ מכה וועלן אַנדערע פעלקער האָבן דאָס וואָס מיר נאָכן טויט, — איז האָבן זיך טאַקע אַלע אָנגע־וואָרפן אי אויף אים, אי אויף דער מאַמע זיינער: „געהערט אַ קול. ווי ביי אַן אַרטיסט. און זע נאָר אַ זכרון צו געדענקען אַזוי פיל לידער. ווייסט אויס מער נישט געהאַט צו טון, די מאַמע זיינע, האָט זי אים געהאָלפן אין איין לערנען".

און די אָרעמע עלטערן פלעגן זיך מוטשן ביי יעדן קאָנטראָל אויסבאַהאַלטן, מיט אים אין די טואַלעטע און דאָרט אי־בערוואַרטן. געהייסן האָט דאָס, אַז דעם קינד איז קאַליע דאָס מעגעלע. נאָר מיינסטו, אַז דאָס האָט ער געוואָלט? אויך פון דאָרטן האָט זיך געטראָגן זיין „גיע נאדא".

איין נס איז געווען — אַ מעשה'לע. פלעגט מען אים אָנ־הויבן דערציילן אַ מעשה'לע, פלעגט ער זיך צוהערן שעהן. אָט דאָס האָבן מיר געהאַט מיט די קינדער.

היינט דאָס אַלטע פֿאַרפֿאַלק הירשפֿעלד. ווער ס'האָט נישט געזען די אַלטע חיה־ברכה, פֿאַרפּוצט אין הויזן מיט אַ בערעט „אַלאַ גריכין", דער האָט קיין קאָמישעס אין זיין לעבן נישט געזען.

דער אַלטער מרדכי־יואל איז אויך געווען קאָמיש, נאָר אים האָט געראַטעוועט זיין צופֿרידן פּנים. און צופֿרידן איז ער געווען מיט דער ליולקע, וואָס ער האָט געראויכערט און האָט געקענט האַלטן אַ גאַנצן טאָג אין מויל. זיין גאַנצן לעבן האָט ער ליב געהאַט אַ ליולקע. איז דאָך אָבער חיה־ברכה! וואָס הייסט? זי וועט דערלאָזן, אַז ער זאָל איר די גאַנצע שטוב פֿאַרפּאַס־קודיען? ווי אַ שענק מאַכן?

איז פֿלעגט ער זיך אויסבאַהאַלטן ערגעץ אַז ער האָט גע־וואָלט אויסרויכערן זיין ליולקע. איז כדאַי געווען אָנצוקוקן, ווי ער האָט זיך אין איר נוקם געווען, אין חיה־ברכהען. אַ גאַנצן טאָג איז זיין ליולקע נישט אַרויס פֿון זיין מויל און אַלע מאָל פֿלעגט ער געבן אַ לאָז אַרויס אַ וואָלקן רויך און גלייך איר, חיה־ברכהען אין פּנים אַריין. און זי האָט נעבעך געמוזט שווייגן, ווייל כאָטש זי איז געגאַנגען אין הויזן און האָט אויסגעזען ווי אַ גריכין, האָט זי דאָך קיין גריכיש נישט געקענט רעדן, נאָר בליקן האָט זי אויף אים געוואָרפֿן מיט אַזאַ שנאה און רגזה, אַז איך וואָלט נישט געוואָלט זיין אויף זיין אָרט, ווען מיר וועלן אַם ירצה השם שוין זיין ביי זיך אינדערהיים. אַזוי האָב איך מיר דעמאָלט געטראַכט. יעצט זע איך, ס'איז אַריבער גענוג צייט, אַז חיה־ברכה זאָל אַלץ פֿאַרגעסן.

אָבער פּלוצלינג פֿלעגט זי, חיה־ברכה, באַקומען ווילדע, צעשראָקענע אויגן. „מרדכי־יואל" — פֿלעגט זי שטיל שעפּטשען — „ווי אַזוי הייס איך, מרדכי־יואל"?

דאס צופרידענע שמייכל אויף דעם אלטנס פנים פלעגט דאן גלייך פארשווינדן. די זעלבע צעשראָקענע אויגן פלעגט ער אָנ־שטעלן אויף דער פרוי, און שטיל, פארשולדיקט ענטפערן: „ווידער פארגעסן, חיה־ברכה און ווי הייס איך?”

דערנעבן, דאס אָבט יאָריק מיידעלע, וואָס איז דריי יאָר אין קלויסטער געווען זיצט די גאנצע צייט שטיל, זי הערט זיך אויפמערקזאם צו צו אלץ, ווי זי וואָלט זיך וועלן אָן עפּעס דערמאָנען.

דערהערנדיק דאס שטילע פליסטערן פון די אלטע־לייט, הויבט זי מיט אַ שמייכעלע אויף דעם קאָפּ און ווי אַ גרויסע צו קליינע דערמאָנט זי זיי: „דו, זיידע, הייסט לאמעדאס” און דו באָבע, „קלאמענדרא”.

די אלטע חיה־ברכה קוקט זי דערשטוינט אָן, ווי זי וואָלט דאס הערן צום ערשטן מאָל. „ווי אַזוי זאָגסטו, בעליוניו?” — ווענדעט זי זיך צום קינד.

„קלאמענדרא”—ענטפערט געדולדיק די קליינע און איך הייס שוין לאנג נישט בעליוניע. באָבע, „דאָרט” האָב איך גע־הייסן קסענאפאנטא און דאָ הייס איך אירעגאניע.”

די אלטע פארברעכט מיט די הענט. „בעליוניע מיינע, גאָלד מיינס, איך וועל זיך דאך קיינמאל נישט אויסלערנען. לאנג נאָך דארפן מיר אַזוי הייסן?”.

זיי רעדן שטיל, קוים וואָס מען הערט זיי, אָבער דער אלטער פארגעסט זיך. זיין ליולקע האָט זיך פיין צערויכערט און דער צופרידענער שמייכל באווייזט זיך ווידער אויף זיין פנים. „ניש־קשה, חיה־ברכה, זיי גאנץ רואיק, זי וועט שוין געדענקן, בעליוניו און אונז דערמאנען”.

ער פארגעסט זיך, רעדטהויך און עס ווערט באלד א שוש־קעריי. „שאַ, שאַ", אלע קוקן מיט רוגזה אויף דעם אלטן. חיה־ברכה איז שוין גרייט צום פארטיידיקן. אליין זאָגט זי אריין דעם אלטן יעדע מינוט. נאָר זאָל זיך איר נאָר אויסדאכטן, אַז עמי־צער קלערט אָנרירן דעם כבוד פון איר מרדכי־יואל. די אויגן וועט זי יענעם אויסדראפען. אָבער יעצט מוז זיין שטיל און זי שווייגט און קוקט זיך צו מיט ווייטיק, ווי איר מרדכי־יואל רוקט זיך פארשעמט אריין אין ווינקל און פארשטעלט זיך מיט א וואָלקן רויך פון דער ליולקע.

וויפיל זיינען מיר אַזוי געפאָרן און זיך געמוטשעט? ניט וויכטיק. שפילט עפּעס אַ ראָלע ביי אונז אַזעלכע אומאַנגענעם־לעכקייטן און בפרט נאָך, אַז מען ווייסט בפרוש, אַז מ'פאָרט קיין א"י! הכלל 6 טאָג, 8 טאָג. גאָט האָט געהאָלפן, מיר קומען אָן צו דעם רעכטן פונקט — צו דער גרענעץ. דאָ דארף מען אונז נאָר דורכקאָנטראָלירן, און ווייטער זיינען מיר פרייע פויגל.

— — — — — — — —

אין וואַגאָן ביי אונז איז שטיל. יעדער זיצט אין ווינקל די קינדער זיינען אויך רואיק. „ניעציע" איז אָפּנים געוועזן גערעכט, וואָס האָט ניט געוואָלט דא זיין. צי ער האָט זיך צוגעקילט, צי עפּעס האָט אים פארשאַט, נאָר ער ליגט נעבעך און קרעכצט פון היץ. „ניע נאדא" האָט מען צוזאמען מיט דער מוטער אוועקגעשיקט אין דער טואלעט. אלעמאָל, ווען עמיצער דארף, קלאפּט מען אָן צו איר, גייט זי ארויס, וואַרט איבער און גייט צוריק אריין. די גאנצע צייט הערט זי ניט אויף דעם קינד שושקען שטיל אין אויערל אַ מעשה'לע.

די שפּאַנונג איז זעער גרויס. מיר ווייסן, אַזוי האָט אויך דאס פרייל'ן אונז געזאָגט, גייען מיר איצט איבער בשלום, פאָרן מיר

איבער נאָך אַ סטאַציע, װערן מיר אױס שטום און קענען רעדן, אױף װאָס פאַרא לשון מיר װילן.

פון גרױס דענערװירונג מוזן מיר אַלע מאָל אָנקלאַפּן און מטריח זײַן אַניוטען מיט דעם קלײנעם. און װען ס׳דאַכט זיך, אַז ס׳איז שױן דערגאַנגען ביזן סוף, האָט זיך פּלוצלינג דער צוג אָפּגעשטעלט בײַ עפּעס אַ געבײַדע.

מיר קוים לעבעדיקע זיצן שטיל. אָבער דורך דעם פענסטער זעט מען, „מ׳גײט" און טאַקע באַלד קומען אַרײַן 3 רוסישע יונגע זעלנער. דווקא נישט שרעקלעך זעען זײ אױס און אײנער רופט אױס גלײַך פון דער טיר: „דאָקומענטי".

מיר שװײַגן. אַביסל געװען שװערלעך זיך אײַנצוהאַלטן און נישט ענטפערן. אָבער אױף דערױף זײַנען מיר דאָך גרעקן, בכדי נישט צו פאַרשטײן.

די זעלנער קוקן זיך דערשטױנט איבער און אַ צװײטער װידערהאָלט שױן העכער און אומגעדולדיק: „דאָקומענטי, שטאַ זאַ טשאָרט". מיר פאַרשטײען נישט קײן װאָרט. נאָר אײנער פון אונז װײַזט זײ מיט די הענט, אַז מיר פאַרשטײען גאָרנישט. „גרעק", זאָגט ער מיט אַ צעבראָכענע צונג אַזױ, אַז פון דעם „ג" װערט בײַ אים אַ „ד".

די רוסן דערפרײען זיך. „דאָס זענען גרעקן, רעדן זײ צװישן זיך, זײ פאָרן צוריק אַהײם. שױן אַ סך אַזױ דורכגעפאָרן, זײ פאַרשטײען גאָרנישט... לאָמיר רופן דעם איבערזעצער ער איז אױך אַ גרעק. ער װעט זיך מיט זײ שױן פאַרשטענדיקן".

זײ גײען אַרױס און מיר בלײַבן זיצן געפּלעװעט. „ײדן! מיר זײַנען פאַרפאַלן! אומזיסט געװען אונזער גאַנצע מי"! עס בײגן זיך קעפּ, אײנער צום צװײטן. מ׳שושקעט זיך: װאָס זאָלן מיר טון? זײ זענען געגאַנגען ברענגען אַן אמתן גרעק. אפשר

זאָלן מיר ארוים שטילערהייט און אוועק אין וואַלד? ס׳פאלן אלערליי עצות, פּראָיעקטן. מ׳ברעכט די הענט. די פרויען ווישן שטיל די אויגן. מ׳הויבט אָן צוגויפלייגן די פּעקלעך. אלע גרייטן זיך, צו וואָס, ווייס מען נישט. די פארצווייפלונג דערגרייכט די העכסטע מדרגה.

ביז עמיצער טוט אַ זאָג שטיל, קוים וואָס מ׳הערט: „מ׳פירט אים"! און באַלד טאקע קומען אריין שוין נאר צוויי זעלנער, מיט עפּעס איינעם אין ציוויל געקליידעט, מיט אַ פּנים וויים ווי קאלך, מיט צעשראָקענע אויגן. אריינקומענדיק שטעלט זיך דער ציוויל אָפּ ביי דער טיר און הויבט אונז אָן שארף באַטראכטן. און פּלוצלינג זעען מיר, ווי זיין פּנים צעשיינט זיך און די אויגן צעשטראלן זיך מיט אַזאַ פרייד!

מיט שנעלע טריט גייט ער גלייך צו צו דעם אלטן מרדכי־יואל, שטרעקט אים אוים ביידע הענט און הויבט אָן שיטן אין דער גיך: „יקום פורקן מן שמיא, חנא וחסדא ורחמים וחיים". דער אלטער שטייט אַ ווײַלע אַ צעמישטער, אָבער באַלד צע־שמייכלט ער זיך קלוג און אויך אַזוי גיך מיט דעם זעלבן טאָן הויבט ער אָן: „מה טובו אוהליך יעקב משכנותיך ישראל", און מיט אַמאָל קערט ער זיך אום און מיט גרוים פרייד ווייזט ער אויף חיה־ברכהען: „זו אשתי ושמה קלאמאנדרא, ואני לאמעדאם"

דערהערט אַזאַ שפּראך מיט אזעלכע עכט גריכישע נעמען, זענען די רוסן אינגאנצן שוין באַרואיקט. „נו, שטא, אפּיאט זעמליאקי", דאס הייסט ווידער אייגענע? נו ריעדט, רעדט, שמועס זיך מיט זיי אדורך, מיר וועלן גיין ווייטער. איז דאס טאקע אמתע גרעקן?" דערקונדיקן זיי זיך נאך.

דער יונגערמאן, דער איבערזעצער ווערט אַזש ברוגז: „וואָס הייסט עכטע? — זאָגט ער מיט אַ פאָרוואורף — מיינע,

מיט מיר פון איין שטאט, פון איין אָרט, ווי איין מאמע וואָלט אונז געהאט און דו פרעגסט נאָך?"

„גו — כאראשא, כאראשא, רעדט נאָך, מיר וועלן גיין".

די רוסן גייען אוועק און מיר בלייבן מיט אונזער „משיח". מיר שטעלן זיך אלע ארום אים, מיר ווייסן ניט, צי אים האלזן, קושן, מיר ווייסן ניט וואָס צו טון. אָבער חיה־ברכה נעמט שוין ארויס אַ שטיקל האָניק לעקעך. ניט אַזוי פריש, נאָר ס'מאכט נישט אויס. זי פארבעט אים באַלד עפּעס אָפּצועסן און לויפט אין דער גיך ארויסרופן אניוטען מיטן קינד. אלע שטעלן זיך ארום און דער יונגערמאן הויבט אָן צו דערציילן.

ער זיצט שוין דא זעקס טאָג. ער איז פּונקט ווי מיר געפאָרן אלס גרעק און ווען מ'האָט געפאָדערט דאָקומענטן, האָט ער זיך נישט געקענט איינהאלטן און געזאָגט אַ פּאָר ווערטער אין רוסיש. ער האָט זיך שיעור די צונג נישט אָפּגעביסן פאר כעס. געמיינט, גאָט ווייסט וואָס ער האָט דא אָפּגעטון.

אָבער זיי, די זעלנער זיינען דוקא געווען צופרידן. היות ווי עס פאָרן אַ סך גרעקן — אַזוי האָבן זיי געזאָגט — און קיינער פארשטייט נישט קיין שום לשון, איז לאָזן זיי אים איבער אויף אַ שטיקל צייט דא אלס איבערזעצער. מ'גיט אים עסן און טרינקן, — אַזוי דערציילט ווייטער דער יונגערמאן — אָבער יעדעס מאָל, ווען מען רופט אים קאָנטראָלירן, פאלט אים ארויס די נשמה. „וואָס וועט זיין"? — זאָגט ער — „אז ער וועט טאקע אָנטרעפן אויף אן אמתן גרעק"?

אָט אַזוי צביהלע. איך דערצייל דיר אפילו נישט קיין הונ־דערטסטן חלק פון דעם, וואָס עס איז געווען. און מיינסטו, אַז דאס איז שוין דער סוף פון אונזער מאטערניש? ס'הויבט זיך נישט אָן.

נאָר איך קען דיר מער נישט שרייבן, מחמת דער בריוו גייט מיט לופט־פּאָסט, דאַרף זיין וואָס גרינגער און וואָס ווייני־קער געשריבן. אין דעם צווייטן בריוו וועל איך דיר ווייטער שרייבן. דאַנקען גאָט, אַז דאָס פּאָרן איז נאָך נישט מאָרגן. מיר וועלן נאָך האָבן גענוג צייט.





# דעמאָנטאַזשן

טייערע צביהלע!

אנטשולדיק מיר פאַר דעם היינטיקן בריוו, אויב איך שרייב וועגן זאַכן, וועלכע וועלן דיך נישט אינטערעסירן, נאָר איך בין זעער דענערווירט איצט און דווקא צוליב אַ פרעמדן ענין האָב איך זיך אַזוי איבערגענומען. דאס איז אַן ענין פון אונזערע טייערע שכנים, טאַקע די דייטשן, מיין איך, מיט וועלכע מיר האָבן דאָס גליק צו וווינען צוזאמען. און אַז מען וווינט צוזאמען ווייסטו דאך, אינטערעסירט מען זיך דאך מיט יענעמס „גוט" און „שלעכט". איז בין איצט קען איך, חלילה, גארנישט זאגן.. קיין שום שלעכטס האָב איך ביי זיי, ביי די דייטשן, נישט געזען. מ'איז ארומגעגאַנגען אַרום זיי, ווי נעבן אַ ציטערדיק קינד. האָבן זיי זיך טאַקע דערפילט פעסט, אַרויסגעצויגן די גוטע פוטערס, מיט די שיינע פוקסן, מיט די זיידענע קליידער. אַזוי אין הויז און מחוץ דעם הויז, איז אַלץ אין בעסטער אָרדנונג. מאַן, פרוי, קינדער, עלטערן, אפילו 80-90 יאריקע, חלילה קיינער ניט אומגעקומען, קיינער פעלט ניט. האָט מען זיך פריידלעך געלעבט, געגאַנגען אין די קינאָס, טעאַטערן.

זעער שיין זיך געגרייט צום ווינטער, האָלץ, קאַרטאָפל, געמיזע. צוגן פיל געפּאַקטע מיט מענטשן נאָך עפּל, באַרנעס, אַלץ ווי עס דאַרף זיין און ווי עס קומט זיי טאַקע, די גאָבעלע מענטשן. איז בין איך מיר געווען גאַנץ רואיק פאַר זיי.

וויקטאָר גאָלאַנטש איז אפילו ניט געווען אַזוי צופרידן. ער האָט אפילו געפונען איינעם אַ דייטש, וואָס איז געווען אין אַ שטאַרק גערדריקטער שטימונג. אים, גאָלאַנטשן, האָט שטאַרק וויי געטאָן דאָס האַרץ פאַר דעם דייטש געבעך. אָבער ניט יע־דערער קען דאָך האָבן אַזאַ איידל האַרץ. איז זאָג איך דיר, בין איך מיר געווען רואיק, ערשט פּלוצלינג אַזוי ווי מיט אַ האַמער איבערן קאָפּ. „דעמאָנטאַזש“. וועל איך דיר געבן איצט צו פאַר־שטיין וואָס דאָס איז.

דאָס איז אַזאַ מין זאַך, וואָס צייגט, אַז דער מענטש, וועלכער גנבעט אָדער גזלט, קען קיינמאָל ניט זיין זיכער מיט דעם געגנ־בעטן, אַז דאָס איז שוין זיינס, אויף אייביק. ער קען די עדות הרגענען, פאַרברענען, די אש אויף אַלע עקן וועלט צעשיטן. אַלץ איינס ס'קומט אַ שעה און טויטע, פאַרברענטע זאָגן עדות. און... אַ קנאַק אין קאָפּ אין אַ שיינעם העלן טאָג „דעמאָנטאַזש“. גיב אָפּ צוריק דאָס געגנבעטע, געגזלטע. פאַרשטייסטו דאָך, אַז זיי ווייסן ניט פון וואָס צו זאָגן, די שכנים מיינע, די יעקעס, גייט מען ארום מלא כעס, אַזאַ עולה! אַזאַ אומגערעכטיקייט!!!... און וואָס הייסט אַזאַ באַליידיקונג! און טאַקע אַ ריס אין האַרצן אויך, מ'האָט זיך שוין אַזוי צוגעוווינט, אויסגעמישט פרעמדס, אייגנס, גע־מאַכט אַלץ פאַר אייגנס, זיך אַזוי גוט איינגעאָרדנט. עפּעס מיינסטו עס איז אַזוי גרינג? פריער הרגענען דעם אייגנטימער דערנאָך אי־בערשלעפּן צו זיך דאָס אייגנטום, אינסטאַלירן עס אויף אַ פּאַסיקן

אָרט. אַ קלייניקייט עפּעס וויפיל כח געפּטרט, און איצט גיי צעשייד זיך מיט אלץ. און גיב עס אָפּ מיט אַ שמייכל. איז זאָלסטו זען, צביה'נקע, וואָס עס טוט זיך, אַלע טעאַטערן, אַלע צייטונגען זיינען פול. אין די טראַמווייען אויך. גאַס הערט מען ניט אויף צו ריידן, וואָס הייסט, זיי זיינען ניט געווינט מען זאָל זיך מיט זיי אַזוי באַגיין, זיי וועלן עס ניט דולדן, זיי פּראָטעסטירן קעגן דער גאַנצער וועלט. זייערע „דעמאָקראַטישע" אַרבעטער גייען אַרויס אין אַ שטרייק. באַליידיקט. טיף באַליידיקט איז דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק. נו, איצט פאַרשטייסטו דאָך פאַרוואָס איך בין טאַקע דענערווירט. פאָרט שכנים, מען טוט זיי אַזאַ אומרעכט....

און דער גענעדיקער גאָלאַנטש, ער קען דאָך נאָך קראַפּירן אויפן אָרט, באַקומען אַ האַרץ-שלאַק. איז אָבער יאָסל דער סטאָ-לער, אפשר געדענקסטו אים, אין יענעם בריוו האָב איך דיר פון אים געשריבן. ער קוקט אויף דעם גאָר אַנדערש. מיט גאָלאַנטשן, זאָגט ער, האָבן מיר שוין לאַנג געשלאָגן כפּרות, אלא ער וועט באַקומען אן האַרץ-שלאַק, וועלן מיר דינגען „יהודה מנוחין". וואָס איז, די דייטשן האָבן אים געקענט דינגען? וועלן מיר אויך באַ-צאָלן. און ער וועט אים שפּילן אַ טרויער-מאַרש צו דער לויה.

און פון דעם מאָנטאַזש, זאָגט ער גוט וואָס ער ווייסט. ער גייט שוין שרייבן אַ בריוו צו זיין ברודער נאָך אמעריקע בזה הלשון:

טייערער ברודער!

אַזוי ווי עס האָט זיך איצט געמאכט דער „סלוטשיי" מיט דעם „מאָנטאַזש", איז בעט איך דיך, דו זאָלסט צונויפנעמען אַלע אונדזערע, אחינו בני ישראל אין אַמעריקע און זאָג זיי: מיר ווילן ניט מער קיין נדבות, ניט קיין שמאַטעס מיט פּושקעס,

וואָס ווערן ממילא פאַרזינקען, און מען ווייסט ניט ווו דאָס קומט אהין.

זעט בעסער מאַכט אן ארדנונג מיט דעם „מאָנטאַזש“. איר זאָלט וויסן זיין, אַז די אַלע זאַכן פון דעם „מאָנטאַזש“, די פאַבריקן מיט די מאַשינעס, מיט אַלץ דאָס, געהערט צו אונדז יידן. כאָטש דאס הייסט, אַז אנגעראַבעוועט איז דאָס געוואָרן אין פוילן, טשעכן, אונגאַרן א. א. וו. אָבער הייסן דאַרף עס ביי פּוילישע, טשעכישע, אונגאַרישע יידן.

ליבער ברודער! איך וועל דיר געבן אַביישפּיל פון מיר אַליין. וואָס בין איך, און ווער בין איך געווען? אָבער דו וואָלסט באַדאַרפט זען מיין ווערקשטאַט, מיט די אינסטרומענטן, מיט אַלעמען. פאַלימור אליין איז ביי מיר געשטאַנען א גאַנצע פאַס. דאס אַלץ האָבן זיי אַוועק געראַבעוועט און ארויסגעפירט צו זיך. איצט גייט מען דאס ביי זיי נעמען צוריק. פאַרשטייסטו דאך, אז אפילו קיין צענטל פון דעם, וואָס זיי האָבן אָנגעראַבעוועט, וועט מען ניט אָפּנעמען. דאס איז יידיש בלוט. יידישע הענט האָבן דאס אויפגעבויט, אויפגעשטעלט. דורות לאַנג האָבן מיר אין די פאַבריקן געאַרבעט און איצט געהערט דאָס אַלץ אונדז. אחוץ וואָס מיר מוזן דאָס טאַקע גוויטיק האָבן פאַר אונדזער קינפטיקער מלוכה. אסך האָט מען אונז איבערגעלאָזט קאַפּ-מענטשן, אינזשיניערן, פאַבריקאַנטן ? אַלץ אומגעבראַכט פאַרפייניקט. ווער וועט אונז אלץ צוריק אויפשטעלן, אַז מיר וועלן שוין איה"ש זוכה זיין קומען צו אונז אַ היים? איז זאָלסטו טאַקע זען, ליבער ברודער, דאָרטן צו אַרבעטן, אַז מען זאָל אונדז כאָטש דאָס אומקערן. מיין אָרימע פרוי, און מיינע טייערע קינדער וועט מען מיר שוין ניט אומקערן, מיין לעבן איז שוין בטילא קיין לעבן ניט. אָבער דאס איבערגעבליבענע רעשטל, דאס ביסעלע, וואָס וועט זוכה

זיין צו לעבן ביי זיך, אין אן אייגענער היים. זאָלן זיי כאָטש זיין די יורשים ווייל זיי זיינען דאָך טאַקע די אמתע, גערעכטע יורשים.

הכלל, מיט מיר איז ער שוין דורכגעקומען, יאָסל דער סטאָ־לער. איך בין אַ סך רואיקער געוואָרן. ד. ה. רואיקער פאַר מיינע מייערע שכנים. זיי זיינען ביי זיך אין דער היים. דאָס שוואַרצע יאָר וועט זיי לײדער ניט נעמען. זיי וועלן נאָר אויסגראָבן דאָס וואָס זיי האָבן באַהאַלטן, וועלן זיי אויך האָבן געגנוג. און מיר דער־ווײלע זיצן דאָ און וואַרטן אויף יושר און גערעכטיקייט. צי וועלן מיר זיך דערוואַרטן?...! דערווייל זיי מיר געזונט. איך מוז שוין ענדיקן ווייל „מ'גיט" שוין ווידער, און איך לויף „נעמען". דאָס גיט מען אונדז איצט אַ יום־טוב ראַציאָן. זאָל דיך ניט וווּנדערן וואָס אַזוי שפּעט, מחמת מ'האָט געדאַרפט געגוי אויסרעכנען... שטעל דיר פאָר, אַז יעדער מענטש באַקומט אויף יום־טוב אַ האַל־בע פושקעלע סאַרדינען, 100 גראַם גרויפּן און אַ קילאָגראַם עפּל. ווען מיר האָבן דאָס פריער, איך מיין אויף יום־טוב, נעמט מען די עפּל, מ'באַשמירט מיט סאַרדינען, אויבן באַשיט מען מיט גרויפּן, און מיר האָבן אַ פריילעכן געשמאַקן יום־טוב, אָבער וואָס פאַרא טעם האָט דאָס איצט? פון דעסטוועגן, לויף איך „נעמען". אַזעלכע זיינען מיר שוין דאָ. מען „נעמט". איך בעט דיך טויזנט מאָל איבער, „קאַקיבעבי" מיט „אינדיק זוימען", בכדי עס אויף מאָרגן אַרויסצוואַרפן נאָר מען „נעמט" און איך אויך בתוכם. איז זיי מיר געזונט. אין דעם נאָענטסטן בריוו וועל איך דיר מער שרייבן.





# א פאַרפּלייצונג פון זאַכן . . .

טייערע צביה'לע!

האָב ניט קיין פאַראיבל פאַר דעם גרויסן איבערייס אין מיין שרייבן, ובפרט, אַז איך ווייס גוט, ווי דיך אינטערעסירט אַליץ, וואָס קומט ביי אונדז פאָר. איך בין אָבער די לעצטע צייט אַזוי פאַרנומען, אַזוי פאַרטאַראַראַמט, אַז ממש איך האָב קיין צייט ניט די נאָז אָפּצווּישן. און ניט נאָר גראָדע איך אַליין. כמעט אַלע דאָ זיינען אַזוי פאַרנומען.

וואָס הייסט?—פרעג שוין נישט. ס'טוט זיך אויף טיש און אויף בענק. איך ווייס גאָרנישט, פון וואָס אָנצוהויבן. שטעל דיר פאָר, אַז גאָר פּלוצלינג אין איין שיינעם פרימאָרגן, האָט זיך געגעבן אַ שיט אויף אונז אַ האָגל מיט זאַכן. מ'ווייסט נישט פון וואַנען און פון וואָס. זאָל דאָס זיין חנוכה געלט. איז שוין אַ ביסל צו שפּעט, זאָל דאס זיין חמשה עשר, איז פיינג באַקומען מיר בכלל אַ גאַנץ יאָר. וואָס עפּעס גאָר פּלוצלינג אַזאַ חסד. אַזאַ גנאָד. מ'ווייסט נישט. קיינער ווייסט נישט. גאָר ווי אַזוי ס'איז נישט, מיר האָבן דערווייל נחת. „מ'גיט". דער צענטראַל־קאָמיטעט גיט, דער מינכענער קאָמיטעט גיט, און טאָמער ווילסטו, איז

בײַ אונדז דאָ אַזאַ מין ירושה נאָך אונרא — „אײַראַ“, הײסט זי. איז בדרך כלל פּירט זי זיך אױסטערליש. אלס יורש פון אונרא, װאָלט זי באַדאַרפט אױספּילן די אַרבעט װי אונרא. אַזױ למשל פלעגט אונרא אַרױסגעבן פאַרפלעגונג אלע װאָך. האָט מען געװוסט, אַז ס׳טאַרטשעט קוים אױף 4 טעג און די רעשט 3 דאַרף מען אַ ביסל צוהונגערן. ביז די צװײטע װאָך באַקומט מען װידער.

דאָ בײַ דער יורש׳טע, איך מײן בײַ „אײַראַ“, װײסט מען גאָרנישט. װיל זי, גיט זי אלע װאָך. װיל זי — נאָר אלע צװײ װאָכן. אלע דרײַ װאָכן, װיל זי גיט זי ברױט, װיל זי, גיט זי פאַרשימלטע שטײנער. עס איז אַן אײגנאַרטיק באַשעפעניש. איז שטעל דיר פאָר, אַז דאָס גיט אױך זאַכן. מילא, אַ קלאָג צו דעם, װער עס דאַרף טראָגן אָט די זאַכן. נאָר דער אָנשטעל, דער פאַרנעם איז װי איבעראַל דער זעלבער. ס׳הײסט פריער גײסטו באַקומען די צעטלעך, שטעלסט זיך װי געװײנלעך אין דער רײ, דענערװירסט זיך, אַקעגן דיר, אַרום די װענט שטײען טישן, ס׳זיצן מענטשן, פערמוחט. מ׳שרײַבט און מ׳רעכנט, מ׳זאָל חלילה עפּעס נישט אַדורכלאָזן, נישט איבערגעבן. דערנאָך גײסטו נאָך די זאַכן.

װידער אַ רײ. אונטער אַ פאַרמאַכטע טיר אָפּגעשטאַנען די געהעריקע שעהן אין דער רײ, העלפט גאָט, מ׳קומט אַרײַן אינעװײניק. אונטער אַ באַריער בײַ אַ טיש זיצט דער אַרױס־געבער אלײן. פאַר אים אַ גרױס ברײט בוך. ער זיצט איבער־געבױגן מיט אַ פאַרקנײטשטן שטערן און שװיצט.

צוערשט האָב איך געמײנט ער לערנט אַ בלאַט גמרא, לאָזט זיך אָבער אױס, אַז עס איז אַ ספר הזכרונות, דאָרט איז אַלץ פאַרשריבן, אױף װיפיל מ׳שאַצט דיך אָפּ. װיפיל דו ביזט

ווערט. מיך צום ביישפּיל מיט מיינע 2 טעכטער, האָט מען אָפּגעשאצט אויף 2 קליידער, האָב איך זיך אפילו געפילט אַביסל באַליידיקט, ווי אזוי וועלן מיר זיך קענען איינטיילן?

נאָר דערווייל, וואָס, ווען, הייסט מען מיך פּלוצלינג ארויס גיין צוריק. וואָס איז? דער ארויסגעבער האָט זיך ארומגעזען, אַז אין צימער זיינען דאָ צופיל מענטשן און ער קען ניט ליידן, ס'ווירקט אים שלעכט אויף די נערוון. ס'העלפט נישט, וויפיל מיר בעטן אים, אַז ס'איז נישטא קיין צייט, וואָס הייסט! ס'וואַרטן נאָך אויף אונז מיט אומגעדולד דער מינכענער קאָמיטעט, דער צענטראַלער, ס'העלפט נישט מיר מוזן ארויס גיין.

אָפּגעשטאנען נאָך אַ פּאָר שעה, ביז גאָט האָט געהאָלפן מיר זיינען ווידער נעקומען צום טיש און ענדלעך דערזען די טייערע קליידער.

צביה'לע, געדענקסט ביי אונז אין קאָלק „בייטשע די משוגענע“, פלעגט ארומלויפן כסדר אין אַ צעריסן שבת'דיק זיידן קליידל. דאָ איז אויך אַזוי. אלע קליידלעך זיידענע, נאָר נאָמעניו, פון וואַנען האָבן זיך גענומען אהער אָט די שמאטעס? און ווער האָט געגעבן דאס רעכט דער „איירא“ עפּעס אזוינס אונז אָנצובאָטן. און ווו זענען געוועזן אונזערע פאַרזאָרגער, וואָס האָבן אזעלכעס טאָלערירט און דערלאָזט!

צי זענען מיר שוין אין גאנצן נישט קיין מענטשן? פאַרוואָס קומט אונדז נאָך אזויפיל פּיין און ליידן, נאָך אָט די דערנידעריגונג! מיר ווילן די קליידלעך נישט נעמען. ערשט אַ נייע צרה. זיי ווילן די קליידער נישט נעמען צוריק, וואָס, זאָגן זיי, וועלן זיי מיט דעם טון? „מיר זענען שוין אַזוי אויך פארטשאדעט, קוים וואָס מיר לעבן“. און איך זאָג דיר דעם אמת, אַז דערפילנדיק דעם ריח, מיט דעם שימל פון די טייערע חפצים, איז

ביי מיר באַלד אוועק דער כעס אויף דעם ארויסגעבער. ער איז פשוט געווען פארטשאדעט.

פארענדיקט מיט די ערשטע זאכן, ד. ה. מיט די קליידער, נעמט מען ארויס די זאָקן.

פאר וועמען זיי זענען צוגעגרייט, ווייסן מיר נישט, ווייל ברייט און לאנג זיינען זיי, ווי אויף אַ פערד. ביי אונדז די גויים פלעגן אזעלכע זאכן קויפן „נאַ סמערט“ ווייל גאָכן טויט, פלעגן זיי זאָגן, וואַקסן ביי דעם געשטאָרבענעם די פיס אויס. אָט דאס זיינען אומגעפער די זאכן.

וואָלט מען פריער געוווּסט, וואָלט מען אפשר ניט געגאַנגען אַזוי כאַפּן, אָבער די מענטשן, וואָס גייען ארויס פון דאָרט, צי פון שלעכטקייט, צי אפשר גאָר פון חרפּה, גאָר זיי זאָגן נאָרגישט אויס. יעדער איינער, וואָס גייט ארויס מיט דער מציאה, האלט ארויפגעלאָזט דעם קאָפּ, שעמט זיך קוקן אין די אויגן און גייט גיך פארביי: אָט דאס האָסטו „איירא“ און איר זאָרג פאר אונז.

איצט זאָרגט נאָך דער מינכענער קאָמיטעט און דער צענטראַל=קאָמיטעט. אויספירלעך פון זיי, וועל איך דיר נאָך שרייבן, אַז איך וועל אביסל אָפּעטעמען. דערווייל האָב איך אפילו נישט קיין צייט די נאָז אָפּצוּווישן. איך האָב נאָך אפילו נישט קיין אָרט, ווו ארויסצוּווארפן דאס, וואָס איך האָב באַקומען און שוין גייען גייע זאכן. איך זאָג דיר, איך האָב זיך דעם קאָפּ געבראָכן, ס׳טייטש נאָך אמאָל אַזאַ גנאָד. אַ נס איז, אז יוסל דער סטאָליער האָט מיר דעם קאָפּ אביסל אויפגעעפנט. — וואָס זאָגט ער, פארשטייסטו נישט? דאס איז דאָך „ווידערגוטמאכונג“. איך זע, ציביה׳לע, אַז דו ביסט שוין פארחידושט, וואָס איז דאס אַזוינס פארא וואָרט.

אַ סך דאָ בײַ אונז, בײַ דער שארית הפּליטה אַזעלכע גישט פאַרשטענדלעכע װערטער, װאָס מיר װײסן ניט װוּ זײ צוצולײגן. אָבער „װידערגוטמאַכונג“ דאָס איז דווקא אַ גרינג װאָרט. פּשוט, מ'האָט אַמאָל שוין לאַנג ניט בכיון אונז באַעולהט, גײט מען אונדז װידער „גוטמאַכן“, דאָס איז דער טײַטש פון װאָרט. װאָס אַנ־בעלאַנגט דעם תּוך, איז זאָגט ער, יוסל דער סטאָליער, אַז ער װײסט פון 2 „גוטמאַכונגען“: אײן „גוטמאַכונג“ פון שלאָפ־צימערן, קיכן, נײַ מאַשינען, ראָװערן גוטע קרישטאַלענע און פאַיאַנסענע סערװיסן. און די צװײטע „װידערגוטמאַכונג“ פון אַלטע קלײדלעך, פאַפּירענע קאָסטיומען, שיך מיט גומענע זױלן און אַנדערע אַזעלכע גליקן. איז טײלט מען אײן: אײנער באַ־קומט „דאָס“ די אַנדערע „יענץ“. מיר עמך באַקומען, איך בעט דיך איבער — „יענץ“...

די װאָס באַקומען „דאָס“ שטײען ניט אין די רײען. זײ ברענגט מען אַלץ אַרײַן אין שטוב. איז אויף אונדז קוקן זײ אַ ביסל פון אויבן אַראָפּ. ס'הײסט זײ פאַרנעמען זיך ניט מיט אַזעלכע קלײניקײטן. זײ דאַרפן דערלײדיקן העכערע ענינים.

איז אַזױ װי בײַ אונדז טאַראַראַמט זיך, אַזױ בײַ זײ שפּאַלט זיך. װאָס הײסט, יידן האָבן באַקומען אַ מלוכה, דאַרף מען זען פריער פון אַלץ אײנפירן אָרדנונג. זיצט מען אין דײטשלאַנד און מ'קאָכט װעטשערע אין ארץ. פריער פון אַלץ דאַרף מען דערלעדיקן די פראַגע. אײנער װיל עסן די װעטשערע מיט אַ נאָלדענעם, דער צװײטער מיט אַ האָלצערנעם לעפל. און װער איז גערעכט. און צי דאַרף חיים יעקל זיצן אויף דער רעכטער, צי אויף דער לינקער זײט. װעט ער זיצן אויף דער רעכטער, װעט מאָלאָטאָװ װערן אומגליקלעך און װעט אונז נישט װעלן שיקן קײן גרינס אויף שבועות. װעט ער זיך זעצן אויף דער

לינקער, וועט בעווין באַקומען אַ האַרץ שלאַק און מיר וועלן בלייבן אָן אַ פעטער. איז מאַכט מען זיצונגען מיט באַראַטונגען. מ'זיצט 7 טעג און 7 נעכט, ווי להבדיל די בעלעמער גאַראַנים, און ווי געווייגלעך קומט מען נישט צו קיין הסכם. ערשטנס אייניקט מען זיך אויף דעם, אויף וואָס פאַרא טאָג איבערצו־טראָגן די גאָענטסטע זיצונג. דערווייל מוז איך מיין בריוו ענ־דיקן, ווייל איך האָב זעער קיין צייט נישט. איך דאַרף גיין קאָכן מיטאָג.

פריער פלעג איך כסדר ווינסן, ווען ער קומט מיין מאַן און זיך צו דער צייט צוגרייטן. היינט אַ נייע פלאָג — שטרייקן. אלע מיט־וואָך און דאָנערשטיק שטרייקט מען. ס'קומט אין דער פרי, מיין מאַן גייט אוועק, איך „פאַספיעיע" זיך נישט אויסצודרייען, איז ער שוין דא צוריק.

— מזל טוב — זאָג איך, וואָס האָט זיך שוין ווידער גע־טראָפן?

— איך שטרייק, זאָגט מיין מאַן מיט גדלות — און נישט נאָר איך, מיר שטרייקן אלע.

אַ גדולה האָט מיך געטראָפן. זאָג איך, איז וואָס פאָדערט איר, אויף וויפל זאָל מען אייך העכערן די שכירות, צו פאַר־בעסערן דעם ראַציאָן? ניין. זאָגט מיין מאַן, מיר פאָדערן גאָר נישט.

— איז וואָס זשע שטרייקט איר? פרעג איך מיט ביטל.

— אי, זאָגט מיין מאַן, וואָס זאָל איך מיט דיר רעדן, אַז דו פאַרשטייסט ניט. — דער מינכענער קאָמיטעט, האָט זיך צעקריגט מיט דעם צענטראַל־קאָמיטעט, זאָגט ער אַז דער מינכענער קאָמיטעט זאָל גיין צום דזשאָינט, און דער דזשאָינט זאָגט, אַז דער צענטראַל־קאָמיטעט . . .

— יאָ, אָבער וואָס האָט איר מיט דעם. דער צענטראַל־קאָמיטעט צום מינכענער, דער מינכענער צום דזשאָינט, אַז גייען זאָלן זיי שוין אַלע... גאָטעניו! — וואָס האָבן זיי זיך אָנגעזעצט אויף אונז, אָבער אפשר וועסטו מיר זאָגן פון וואָס זאָל איך היינט קאָכן מיטאָג? אַבי דו ביסט שוין געקומען מיט דער בשורה שטרייק.

מיין מאַן פילט זיך באַליידיקט, גיט אַ קלאַפּ מיט דער טיר און לויפט אַרויס. איך בלייב אַליין. אַליין מיט דעם שטיקל פאַרשימלט קעז פון „איירא" און מיט דער ליידיקער פושקע פון דעם פריערדיקן ראַציאָן.





# אונז פעלט גאָרנישט...

טייערע צביהלע!

א יאָ, דו האָסט צו מיר קיין טענות נישט? צוגעזאָגט דיר צו שרייבן פון אַלץ, פון אונזער שיין לעבן דאָ, און איך דערפיל מיין חוב אויף אַלע הונדערט פּראָצענט.

ס'הייסט איך באַמי זיך צו דערפילן, ווייל אַזוי ווי דו קוקסט אונז אָן שארית־הפליטהניקעס מיט אונזער גאַנצן רימל, איז פירן מיר דאָ נישט קיין שלעכט לעבן.

ווייל, זאג אַליין, וואָס קען זיין שלעכט? מ'האָט גענומען מענטשן ד. ה. אונז און אַוועקגעזעצט אויף קעסט ביי דער וועלט. מ'טיילט אונז צו פון שענקען און בעטן, פון עסן, טרינקן ביז אנטועכץ. נאר „זיץ, שארית־הפליטה עולם, פּאפּראָווע זיך און לעב אַ גוטן טאג“.

לעבן מיר טאַקע דא, כאַפּן פרישע לופט און קלייבן נחת פון אַלץ אַרום. אין ערשט די נאַטור, די בערג. הערלעכע, מאַיעס־טעטישע בערג זענען דא, מיט שיינע פּרעכטיקע ווילעס אויף זיי. שטייסט און קוקסט פון דערווייטנס, אָדער פון אַ פענסטער אַרוים. איז פונקט ווי אַ צויבער מעשה'לע.

פון צווישן, די מיט בוימער באַפּוצטע בערג, שמעקט אַרוים אַ שטיבעלע. פון דער הויך ווייסט זיך אוים אַ קליינם מיט וועראַנדעס, באַלקאָנעז מיט פענסטער באַגאָלדעטע פון דער שיינענדיקער זון. און דערנעבן אַ וואַלד און אונטן פליסט אַ קרישטאַל־ריין וואַסערל.

פאַרכישופט, באַצויבערט קוקסטו און קענסט קיין אויג נישט אַראָפּנעמען ביז אין מיטן דערמאַנסט זיך: „אָט דאָ איז דאך דאס געווען"... אין די בערג האָבן אויסגעהויכט די נשמות הונדערטער, טויזנטער פון אונזערע קדושים. אין „מיטן וואַלד" אין מיטן באַרג. איבעראל זיינען זיי געווען די קרבנות. און ס'פאַרמאַכט זיך דאס אויג פון זיך אַליין. ס'ווילט זיך מער נישט קוקן.

שטייגסט אַראָפּ פון די בערג, ווי עפּעס וואָלט דיך געיאָגט. און שוין ווידער אַ נחת. קינדערלעך! דאַכט זיך, ביי קיין שום פאָלק, אין מיין גאַנצן לעבן, האָב איך אַזוי פיל קינדער נישט געזען. גרויסע, קליינע און מיטעלע, געזונטע, שיינע, אויסגעשפּאַרטעוועטע, עלעגאַנט און זויבער אנגעטוענע, אויף די שטראַסן, אין די סקווערן, אין די הויפן פון די שטיבער, איבעראל איז פול. ממש קיין שפּאַן נישט צו טון.

און ווידער פאַרקלעמט דאס האַרץ. ווידער קריכן זיי די איינגעגעסענע געדאַנקען. באמעלע מיינס! ריבה'לע, חיים'ל! וווּ זענט איר, אונזערע קינדערלעך?

און דו לויפסט ניך אַוועק, לויפסט אַדורך ווייטער פון אָט דעם נחתדיקן בילד. שוין בעסער זיך אין שטוב צו פאַרמאַכן. נישט זען דעם ארום, וואָס שפּראָצט מיט אַזוי פיל לעבן, אָבער נישט פאַר אונז.

און דו גייסט אַריין, פּרוּווסט נאָך נישט די שוועל איבער־צושפּאַנען, און שוין שטייט זי דיר אַנטקעגן, די ווירטין דיינע, מיט אַ „ליבלעך שמייכעלע:“

„גריסע גאָט, שוין פון שפּאַציר? ביטע זיין אַזוי גוט די שיך אויסטון. ערשט נאָר וואָס דעם טעפּיך אויסגעפּוצט. די גאַנצע וואָנונג געזויבערט“.

שמייכלסט דו אויך און קוקסט זיך אַרום. די שלעסער בליאַסקען ווי באַגאַלדעטע. דער דיל, נאָר וואָס אויסגעפּוצט, בליאַסקעט, כאָטש גיי שפּיגל זיך אין אים. און אָפן זיינען אַלע טירן. פון „וואָנצימער“, פון „שלאָפצימער“ און פון „בובס“ צימער. זאלבעדריט זיינען זיי, מיינע בעלי־בתים, האָבן זיי 3 צימערן. אַוודאי דאַרפן זיי דעם פּערטן אויך, אט דעם, וואָס די וועלט, האָט וועלענדיק אונז גוט מאַכן, ביי איר צוגענומען און מיר מיט מיין מאַן און מיט מיינע קינדער אַוועקגעגעבן. „נאָר אָנע קיכע“. אַזוי איז געווען דער אָפּמאַך. איז האָב איך די קוך טאַקע אין דעם צימער. איז ביי מיר נישט אַזוי שפּינעלדיק ווי ביי איר, ביי מיין ווירטן.

דאָס שטיקל צימער ווו איך קאָך, און ווו עס שטייט מיין געשיר. איז מער ענלעך צו אַ פעלד־קוך. דאָרט ווו עס שטייען מיינע צונויפגעשלאָגענע געלעגערס איז גיכער ענלעך צו אַ מין נאַכטלעגער־צימער. און דאָרט ווו ס'שטייען מיינע וואַליזעס, ווו איך האַלט פאַרפּאַקט מיין ביסל אָרעמקייט איז גאָר ענלעך צו אַ וואַגאָן פון אַ צוג, וואָס האַלט ביים אַוועקפאָרן.

איז מיין טיר האַלט איך ווייניק אָפן. ווייל מיט וואָס האָב איך זיך צו באַרימען? און אגב וויל איך נישט זי זאָל אַריינקוקן, די ווירטין. אַזוי אויך גיט זי אנצוהערן, ווי דער צימער איז איר

גויטיק, און ווי עס איז „פירכטערלעך“, וואָס מ׳טוט אַזאַ אומ־רעכט און מ׳נעמט ביי מענטשן צו דאָס לעצטע“.

און שטייענדיק אַזוי פאַרטראַכטערהייט און אויסטוענדיק די שיך, גיב איך אַ קוק דורך דער אָפענער טיר אין דעם וואָגן־צימער און דערזע: פונקט אַזאַ טעפּיך איז ביי מיר געהאָנגען „דאָרט“ אין דעם „מיין הויז“.

וואונדערלעך! ווען אייגנטלעך איז דאָס געווען?

אויך 4 צימער האָב איך געהאַט און 4 מענטשן זיינען מיר געווען. און ס׳איז מיר אויך שטאַרק ענג געווען. און אַט דא דער שלאָפצימער מיט די שפּיגלען מיט די „שראַנקען“ און בעטן און קליינע „שראַנקעלעך“.

גאָט, ווען איז דאָס געווען און אפשר איז דאָס גאָר אין גאַנצן נישט געווען. און אפשר... אוי, איך וויל נישט זען מער. נישט דערמאָנען זיך. ווי אַ גנב אויף די שפּיץ פינגער כאַפּ איך זיך אַריבער, און גיי אַריין צו מיר אין צימער.

ענדלעך. איך אָטעם אָפּ, איך באַרואיק זיך. אָט איז מיין שטיקל וואָגאָן־צימער מיט די משעמאָדאַנעס. און אָט איז מיין שטיקל נאַכט־לעגער און דאָס שטיקל קוך. דא בין איך ביי זיך אין דער היים. איך, שארית־הפליטה „קעסט־קינד“.

שטעל איך אויף אין מיין ווינקל־קוך אַ טעפּל טיי, וואָרעם אַן אַ פושקע קאָנסערוון, פאַרשפּרייט אַן עק טיש, וואָס איז צו־געדרוקט צום בעט און בין מיר אין גאַנצן רואיק.

פאַר דעם איבריקן זאָרגט די וועלט. ס׳גייט אַ פּסח, אַ פרילינגס יום־טוב, אָבער ווער דאַרף זאָרגן. ערגעץ ווו באַקט מען שוין מצות. אַ קליידל וועט מען שוין מין הסתם צושיקן, שיך אויך. מיינע צימערן מיט די מעבלס, מיט די טעפּיכער זיינען

שוין לאַנג נישט בײַ מיר. האָב איך נישט וואָס צו קלאַפּן און זוײַבער צו מאַכן. די וואַליזעס זײַנען פאַרפּאַקט.

און די וועלט זאָרגט און זאָרגט און.... פאַרקלאָגט איז אונזער לעבן, טײַערע חבר׳טע מײַנע! אַרײַנגראָבן גליסט זיך דעם קאָפּ אין דעם קישן, מיט דעם קאָלירטן, ציצענעם ציכל איבערצויגן, אַרײַנגראָבן, אַז נישט זען זאָלן די אויגן, נישט הערן זאָלן די אויערן.

אָבער אויך דורך דער פאַרמאַכטער טיר, אין דעם אַרײַנגע־גראָבענעם קאָפּ דערשלאָגן זיך קלאַנגען פון ראַדיאָ אַנזאָגער, פון ספּיקער. די וועלט זאָרגט אויך פאַר „זיי“ פאַר מײַנע ווירטן, מיט זייער „אַרום“.

אַז גיכער זאָל מען די עטלעכע הרוב געוואָרענע הײַזער צוריק אויפשטעלן, אַז גיכער זאָל מען צוריק זייער ווירטשאַפט אײַנ־אָרדנען.

„זיי“ וויל דווקא די וועלט נישט אויף קעסט האַלטן. אַליין זאָלן זיי זיך אַן עצה געבן. נישט מער מ׳וועט זיי העלפן מיט ראַט און טאַט. אַז נאָך שענער זאָל ווערן זייער לעבן. אַז געזונטער זאָלן ווערן זייערע קינדער.

און פּלוצלינג נאָר דערהער איך אַ קלאַנג: „וויקטאָר גאָ־לאַנטש ווידער מיט אַ באַזוך געקומען קיין דײַטשלאַנד“. איך האָב דיר שוין אַמאָל געשריבן צביה׳לע פון דעם וויקטאָר גאָלאַנטש. דאָס איז אַ ייד, וואָס וווינט אין לאָנדאָן און האָט זיך געשטעלט אַ ציל אין לעבן, זאָרגן פאַר די דײַטשן. „אַמאָל“, זאָגט גאָלאַנטש, „איז דעם מערדער ערגער ווי דעם קרבן“. דער קרבן ווערט אײַנ־מאָל געהרגעט און שוין. דער אַרעמער מערדער, נעבעך, ער דאַרף לעבן און לעבן און האָבן „געוויסענסביסע“. אי, ער, דער מערדער

וואָלט אויך געקענט איינמאָל געהרגעט ווערן און ס'זאָל אים ווערן „גוט". איז הייבט זיך אָן אַ מעשה! ער, וויקטאָר גאָלאַנטש, איז ניט אַזאַ מענטש, וואָס זאָל געדענקען, אַז מ'טוט שלעכטס און בפרט נישט אים. איז האָט ער שוין לאַנג זיי מוחל געווען זייערע חטאים די דייטשן. מוחל געווען אפילו אין נאָמען פון אַלע יידן. איצט גייט אים נאָר אין דעם, אַז אויך די וועלט זאָל שוין אויף דעם מסכים זיין און זיי אויך מוחל זיין. אַ נישט, קלאַפּט ער, אין אַלע טירן, שרייבט אין די בלעטער, רייסט איין וועלטן. ס'טייטש און נאך אַ מאל ס'טייטש, מ'טאר נישט באַליידיקן אַ פאָלק. ובפרט אַזאַ פיינס און נעטס, וואָס איז נאָט די נשמה שולדיק.

דער „יידישער אַפּאָסטאָל", אַזוי רופן אים די דייטשע צייטונגען, אַביסל פארוואונדערט פון דער גאַנצער מעשה, וואָס זעט זיי אוים זעער אויסטערליש.

שוין אַ פּאָר מאָל, אַז ער קומט אַזוי מיט אַ „באַזוך". די ערשטע צייט האָט מען זיך נאָר מיט אים געשמאָטשקעט. וואָס הייסט אַזאַ יקר־המציאות! עס קומט אַ ייד און זאָגט: „ברידער דייטשן"! און בעט די וועלט פארגעסן זייערע חטאים, אַזוי ווי ער, וויקטאָר גאָלאַנטש, האָט פארגעסן.

אייגנטלעך, ער אליין האָט זעער ווייניק געליטן און באַפּול־מעכטיקט האָט אים אויך קיינער נישט. נאָר, אַז אַ ייד וויל זינ־גען מה־יפית, ווער קען אים איינהאַלטן?

היינטיקס מאָל, איז זיין „באַזוך" אריבער כמעט ווי אומ־באַמערקט. אַחוץ דעם, וואָס דער ספּיקער האָט אָנגעזאָגט דעם עולם די גוטע בשורה פון זיין קומען, האָט מען עפּעס, מער גאָר־נישט געהערט. זיי, די דייטשן, האָבן שוין אין דער ערד אַזעלכע אדוואָקאַטן. זיי קענען שוין זייער שטעטל אליין באַשטיין. במילא

האָט זיי די וועלט שוין ארויסגעטראָגן אַ באַגנעדיגונגס־אורטייל. איז דער גאנצער גאָלאַנטש בײַ זיי געוואָרן אוים מציאה. איך האָב נאָר מורא, ער זאָל ניט האָבן דעם סוף פון יענעם אמעריקאַנער ייד.

געווען אַזאַ אמעריקאנער ייד, אַ בעל־רחמים, וועלכער האָט אויך, זיצנדיק אין אמעריקע, שלום געמאכט מיט די דייטשן און אפילו אָנגעהויבן שיקן צו אייניקע פעקלעך. איז זיך מישב איינער אַ דייטש, און באַקומענדיק אַזאַ פעקל, ענטפערט ער דעם ייד אַזאַ ידידי בריוועלע:

„אייער פעקל האָב איך דערהאלטן, ס'שמעקט מיר אפילו זעער גוט, אָבער יודע בלייבט יודע". גאָט זאָל אָפּהיטן אונזער וויקטאָר גאָלאנטש פון אַזאַ סוף.

אָבער נאָך האָב איך נישט באַוויזן זיך צו אנטווישן מיט גאָלאַנטשן. קומט אונטער אַ נייע בשורה! יהודה מנוחין קומט נאָך אמאָל קיין דייטשלאַנד, שפּילן לטובת די אָרעמע, נישט דערנערטע דייטשע קינדער. איינמאָל איז ער שוין געווען דאָ, יהודה מנוחין, געשפּילט און געמאכט אַבּיסל געלט. אין די לאַגערן בײַ די יידישע קינדער איז ער נישט געווען. מחמת ער ווייסט דאָך, אַז די וועלט זאָרגט פאר אונז. האָט ער זיך טאקע באַגנוגנט מיט די דייטשע קינדער. דער דערפאָלג איז דוקא נישט געווען אזוי געוואַלטיק. ס'הייסט זיי, די דייטשן האָבן שוין געהערט אַ סך גוטע שפּילערס.

יאָ, גוטע שפּילערס. דאָ ערשט ניט לאַנג האָב איך געלייענט אַ באַשרייבונג פון אונזער אומגעקומענעם שטעטעלע. באַשרייבט מען דאָרט דעם טויט פון אונזער גרויסן וואונדער־טאַלאַנט, דעם באַרימטן „פייסע קלעזמער", געדענקסט אים אַוודאי. די לעצטע צייט איז ער געווען באַקאַנט ווייט, שוין כמעט אין גאַנץ פּוילן.

אומעטום האָט מען געקענט דעם אַלטן קלעזמער מיט דער ווײַ־סער באָרד, מיט זײַן צויבער פידעלע. ווען ער פלעגט זיך אוועק־שטעלן און אָנהויבן שפּילן, אַזוי זײַנען שוין לעגענדעס געגאַנגען. פלעגן קינדער אנטשווינדן ווערן, פייגעלעך פלעגן זייער זינגען איבעררייסן. אַזאַ צויבער מאכט האָט זײַן פידעלע געהאַט.

איז אָט דעם פּייסע האָט אונזער ליבער גאָט אריכת־ימים גע־געבן. האָט ער היטלערן דערלעבט און צו די דײַטשן ארײַנגע־פאלן. 77 יאָר איז ער אַלט געווען. האָבן זיי אים נישט באַלד געהרגעט, פריער האָבן זיי אים אויסגעטון נאקעט. אליין האָבן זיי זיך אוועקגעזעצט שיכורן.

און דער 77 יאָריקער ייד איז אַ נאקעטער שעהן־לאנג גע־שטאנען פאר זיי און געשפּילט. אַ גרויסע סעודה איז דאן צוגע־גרייט געווען. מ'האָט זיך באַדארפט גוט אָנטרינקען פאר אַ גרויס שטיקל ארבעט.

דאס שטעטל יידן האָט מען באַדארפט פארטאָג אויסשיסן. גריבער זײַנען שוין געווען צוגעגרייט. איז האָט מען אים גע־זאָגט, דעם אלטן פּייסען, אז ער זאָל אַזוי שפּילן ביז טרערן וועלן זיך פון זייערע אויגן אָנהויבן גיסן.

און ער איז געשטאנען, דער אלטער וואונדער מענטש און האָט געשפּילט. און שטיל זײַנען געוואָרן די ווילדע שיכורע געשרייען. טיף האָבן זיי די קעפּ אראָפּגעלאָזט און כמעט ביי אלע זענען שוין פון די אויגן טרערן געראָנען. ביז... פּלוצלינג האָט זיך אַ סטרונע איבערגעריסן, און דאס פידעלע האָט אַ רימשע געטון.

פארוואונדערט האָבן זיך די מערדער אומגעקוקט, און הויך ווילד אָנגעהויבן לאכן. באַלד זײַנען זיי צום אלטן צו און אים

אַ וואָרף געטון. דער ייד איז אריבערגעפלויגן אויפן צווייטן עק און ארויף אויף אַ צווייטן מערדער. יענער האָט אים ווידער אַ וואָרף געטון צוריק. און די שפּיל האָט זיי פּלוצלינג אָן אַ פוטבאל דערמאָנט. באַלד האָט מען אָנגעהויבן דעם אלטן מיט פּיס איבערוואַרפן, ווי אַ באַל, פון איינעם צום צווייטן. זיי האָבן אין אלעמען פארגעסן, ניט באמערקט דאס בלוט וואָס האָט אויף זיי געשפּריצט.

לאנג האָט שוין דער אלטער פייסע זיין הייליקע נשמה אויס־געהויכט. לאנג האָט מען שוין נישט דערקענט, צי איז די מאַסע, וואָס פליט פון איין ווינקל צום אנדערן, אמאָל אַ מענטש געווען.

רויט באַפאַרבט פון דעם רינענדיקן בלוט, האָבן די לײדנ־שאפטלעכע „פוטבאָל־שפּילערס" פון זיך געקאָפּעט דעם מענטש־לעכן קנויל, וואָס האָט אמאָל געהייסן „פייסע דער קלעזמער, דער װונדער־טאלאנט".

אָט פאר די מוזיק־ליבהאבער און קונסט־פארערער, קומט יעצט שפּילן יהודה מנוחין. דאס פריערדיקע וואונדער־קינד, דער שטאָלץ פון אונזער פאָלק, פון אונזער הייליק לאנד, ווו ער איז געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן.

און ווידער פארגראָב איך מיין קאָפּ אין דעם קישן, מיט דעם קאָלירטן, ציצעגעם ציכל איבערגעדעקט. איך וויל אין גאנצן מיין פּנים באַהאַלטן, פאר חרפּה, פאר בושה.

„רבונו של עולם", טראכט איך מיר, „6 מיליאן מענטשן האָסטו ביי אונז צוגענומען. דאס שענסטע און בעסטע, וואָס מיר האָבן געהאט. וואָס האָסטו געוואָלט דערוויזן, איבערלאָזנדיק אונז אזעלכע בוגדים לישראל? צי איז נאָך ווייניק אונזער פּיין און לייד? דארפן מיר נאָך אָט די חרפּה אויף אונז טראָגן?"

נאָר, גיי רעדט, אַז אויפן זיבעטן הימעל, האָט ער זיך, דער רבונו של עולם ארויפגעזעצט, און הערט אפילו נישט, וואָס מ׳רעדט צו אים. טוט זיך זיין וועלט וואָס זי וויל און רעגירט זיך אליין. און מיר זיינען צווישן. אויך אַ מין פוטבאל שפיל, וואָס די וועלט שפילערס וואַרפן פון איין עק צום צווייטן. און מיר האָבן שוין באַלד אונזער פּרצוף פארלוירן. מיר דערקענען זיך שוין אליין נישט. אָבער מיר לעבן נאָך און פילן און זען. און דאס איז ערגער ווי דער געשטאָרבענער באַל, וואָס האָט געהייסן „פייסע דער קלעזמער“. דאס האָסטו מייערע חבר׳טע נאָך אַ שטיקל פרשה פון דער סדרה „שארית־הפליטה און איר שיין לעבן“.



# „מיינע קאַלאַשן“

קומט חנוכה, אַזוי דערמאָן איך זיך אין מיינע ערשטע קאַלאַשן. און ווען איך דערמאָן זיך אין די קאַלאַשן, אַזוי שטייט שוין פאַר מיינע אויגן מיין שטעטעלע, מיין ליבס.

ווייל באמת שיין איז מיין שטעטעלע געווען. שטעלט אייך פאָר אַ שטעטעלע, ארומגערינגלט מיט וואַסער און וואַלד, וואַלד און וואַסער. גייסטו אויף דער שול־גאַס, קומסטו ארויס צום טייך איבער וועלכן עס ציט זיך אַ בריק, אַ לאַנגער און אַ ברייטער. און געבויט איז דער בריק אַזוי: אַ שטיקל בריק און אַ שטיקל אָנגעשיטע ערד, „נאַסיפּ“ האָט מען דאס גערופן. און פון ביידע זייטן פון אָט דעם „נאַסיפּ“ שטייען ווערבעס וויינענדיקע, ווי וועכטערס אויסגעשטעלטע. איינגעבויגן שטייען זיי און טונקען זייערע צווייגן אין די בלויע וואַסערן פון אונדזער טייך „סטרי“. שטאַרק ליב האָב איך געהאַט צו שטיין אָנגע־שפּאַרט אין שטאַם פון אַזאַ ווערבע, און אינאיינעם מיט די אראָפּגעלאָזטע צווייגן זיך וויגן און שפּיגלען אין די וואַסערן פון אונדזער טייך. און אַז מ'קוקט אַזוי, לאַנג, לאַנג, זעט מען דאָרט, שוין ניט קיין טונקענדיקע ווערבע־צווייגן, נאָר געשטאַלטן שאָקלענדיקע.

און ס'דאכט זיך דאן, אַז דאס האָבן זיך די וואַסער מייד־לעך צונויפגענומען און צוזאמענגעפלאָכטן און אַזוי וויגן זיי

זיך און טאנצן אַ קאראַהאָד. שעה'ן לאנג וואָלט איך געקענט אַזוי שטיין און קוקן, ווען ניט מיין מאַמע, וואָס פלעגט מיך באַלד קומען זוכן. אָט אַזאַ איז עס געווען מיין שטעטעלע. אַ זים אַ ליבס אין די זומער און פרילינגס־טעג, און אַ שטאַרק בלאָטיקס אין הערבסט און לאנגע ווינטער חדשים. די בלאָטע, דעמאָלט, איז געווען אַזוי גרויס, אַז איבערגיין פון איין זייט נאָס אויף דער צווייטער איז געווען אוממעגלעך. און געווען איז ביי אונדז איינער, „מאיר דער סאָלדאט", אַזוי האָט מען אים גערופן, ווייל ער האָט 25 יאָר געדינט אלס סאָלדאט. איז פאר 5 גראָשן פלעגט ער אריבערטראָגן פון איין זייט אויף דער צווייטער. געוויינלעך ביי אונדז אין שטעטעלע פלעגט מען דאן טראָגן שטיוול, און אויך טיפע קאַלאָשן.

און אָט ווענן מיינע אַזעלכע, ערשטע טיפע קאַלאָשן וויל איך טאקע דאָ דערציילן. א מנהג איז ביי אונדז אין שטעטל געווען: אויף אַלע ימים־טובים באנייען עפעס אַ זאַך. אויך ביי אונדז אין שטוב פלעגט מען אויף ימים־טובים נייע זאכן מאכן. מיין מאַמע ע"ה, אַ פרוי אַ קלוגע און אַ טיכטיקע פלעגט בסדר אָנגרייטן זאכן פאר יום־טוב.

איז געדענק איך אין איינעם אַ זומער טאָג, עפנט זיך די טיר און עס קומט אריין אונדזער „הויף"־שוסטער ר' מאנעס, אַ ייד מיט אַ שיינער באָרד, מיט אַ הדרת־פנים, פלעגט ער זיין שטארק באַליבט ביי אַלע אונדזעריקע. מיין מאַמע פלעגט שטארק פון אים האלטן. „ר' מאנעסן — פלעגט זי זאָגן — וואָלט איך געטרויט אַ פארמעגן".

אריינקומענדיק צו אונדז אין שטוב האָט ר' מאנעס גלייך ארויסגענומען אַ שמאַל פּאַסיקל פּאַפּיר, צוגעגאַנגען צו מיר, בכדי צו נעמען אַ מאָס. מיין מאַמע איז אויך צוגעגאַנגען נענ־ מער, נאָר ר' מאנעס, איך בעט אייך נישט פארקלענערן און חלילה נישט פארשמאַלן. איר וויסט דאך, ביי אַ קינד וואקסט

דאָך דאס פּיסל. „אביסל גרעסער מאכט נישט אוים, מ׳לייגט אריין אַ וויסטשעלקע״.

בכלל האָט מיין מאַמע ע״ה כסדר ליב געהאט מאכן אונדז קליידער און שיך אויף איה״ש איבער אַ יאָר. איז האָבן מיר מאקע כסדר געטראָגן זאכן, וואָס גוט זענען זיי געוואָרן ערשט אין אַ פּאָר יאָר ארום, ווען זיי זענען צעריסן געוואָרן.

מיך אייגנטלעך האָט נישט אינטערעסירט, צי דאס שיכל וועט זיין גרעסער, צי קלענער. דער עיקר, איז מיר געגאַנגען אין „סקריפּ״. איך בעט אייך זייער, ר׳ מאנעס, — האָב איך זיך צום שוסטער מיט אַ געבעט געווענדעט — למעה״ש, פאַר־געסט נישט אריינצולייגן אַ סקריפּ, וואָס מיר סקריפּ״. ר׳ מאנעס האָט גוטמוטיק געשאָקלט מיטן קאָפּ. „גוט, גוט, איך וועל שוין אריינלייגן אַ סקריפּ״.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך נישט געשלאָפן. קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן, בין איך אוועק צו ר׳ מאנעסן אַ קוק טון, וואָס עס הערט זיך? ר׳ מאנעס איז נאָך ביי דער אַרבעט נישט געווען. ביים טישל איז געזעסן דער גוישער ארבעטער כוועדאר, וואָס האָט געארבעט ביי ר׳ מאנעסן פון קינדהייט אָן, מן הסתם אַ יאָר 20 שוין, — פלעגט ער אליין זאָגן. רעדן פלעגט ער יידיש מיט העברעאישע ווערטער. ער האָט אפילו זיך באַרימט, אז ער איז געווען אמאָל אין אַ צווייטער שטאָט, און האָט נישט געהאט ווו איבערצונעכטיקן, פרייטיק צונאכטס איז דאס געווען, איז ער אוועק אין דער שול און דער דאָרטיקער גביר האָט אים גענומען אלס אורח אויף שבת. „וואָס איז, האָט ער דערציילט, איך קען קיין קדוש נישט מאַכן, צי נישט בענטשן״? איר ווילט, קען איך אייך באַלד אָפּזאָגן״. אָבער ר׳ מאנעס פלעגט צו אַזאַ חלול־השם נישט דערלאָזן, און אים שטרענג איבערשלאָגן. אָט דער כוועדאר, דערוויסנדיק זיך נאָך וואָס איך בין געקומען, אז דער עיקר גייט מיר אין אַ סקריפּ, האָט באַלד דערזען, מיט וועמען ער האָט צוטון, אז מיט מיינע 7 יאָר קען ער מאַכן אַ

שטיקל געשעפט. צוערשט איז ער מיט מיר אַרויסגעגאַנגען הינטערן שטוב. „קיינער זאָגט ער, זאָל נישט הערן“, ער וועט שוין פאר מיר קריגן אַ סקריפּ. נאָר דאס דארף קאָסטן אַ קלעצל צוקער. ס'איז דאָ ביי אייך צוקער, — האָט ער געפרעגט, עס איז פארשלאָסן, צי שטייט עס אָפן?

„וואָס הייסט צי עס איז דאָ? — האָב איך זיך געוווּנדערט — אַוודאי איז דאָ, אַ פוּלע פּושקע, און פארשלאָסן איז אויך נישט, ס'שטייט אין בופעט.

יאָ? — האָט זיך כוועדאר דערפרייט. — אויב אַזוי איז גוט. וועל איך דיר שוין ארייַנלייגן דעם אמתן סקריפּ. נאָר עס דארף דיר קאָסטן 2 שטיקלעך צוקער! און נאָך אַ זאַך, גאָט זאָל דיך היטן, אַז ר' מאנעס, אָדער דיין מאמע זאָלן זיך דערוויסן. וואָס הייסט, די גאנצע זאך וועט ווערן צו גאָרנישט. אַז דו וועסט קומען, גיב מיר נאָר אַ ווינק, וועל איך שוין צו דיר ארויסגיין און מיר וועלן אלץ מאכן. גוט? — מיט אַ פריילעך הארץ שפּרינגנדיק אויף איין פיסל בין איך אוועק אהיים. באַלד האָב איך צוגערוקט דעם שטול צום בופעט און ארויסגענומען צוויי גרויסע שטיקער צוקער. איך האָב זיי גיך אריינגערוקט אין קעשענע און אַוועק צו כוועדארן. דערזעענדיק מיך ווינקען, איז ער באַלד ארויס, און אוועק הינטערן שטוב און איך נאָך אים. „וואָס איז“ — האָט ער אביסל דערשראָקן געפרעגט. „גאָרנישט“ — זאָג איך, איך האָב דיר געבראכט צוויי שטיקלעך צוקער. דערזעענדיק דעם צוקער, האָבן זיך כוועדארס אויגן צעבליאסקעט. „גיי גיך אוועק, און קום ערשט מאָרגן“. — האָט ער שנעל גערעדט, ווינקען זאָלסטו מיר נישט, איך וועל דיך שוין אליין דערזעען.

אויף מאָרגן, נאָך דערזעענדיק מיך, איז כוועדאר באַלד ארויס. דאס פּנים איז ביי אים געווען אביסל פארכמורעט. „וואָס איז?“ — פרעג איך דערשראָקן, „וואָס איז געשען?“ „וואָס הייסט? — זאָגט ער — עס איז נישט גוט! ער איז

נעכטן געגאַנגען קויפֿן אַ סקריפּ, ספּעציעל פֿאַר מיר, ווײַל מען אַזוי טײַער, אַז ער ווייס נישט וואָס צוטון. ערשטנס ווײַל מען — זאָגט ער — 6 שטיקלעך צוקער, דערנאָך אַ שטיק ווײַסע, שבתדיקע חלה, און דאַכט זיך, נאָך אַ קיכל מיט צימרינג.

„אוי — זאָג איך — כוועדאַר טײַערער, קום נאָר! איך וועל דיר שוין ברענגען אַלץ. מאָרגן איז פּונקט שבת. מײַן מאַמע באַקט, וועל איך דיר שוין ברענגען. דו זע נאָר עס זאָל זײַן אַ גוטער סקריפּ". „וואָס הייסט? — זאָגט ער — עס וועט זײַן אַזאַ סקריפּ, אַז עס וועט פֿאַרסקריפּיען די גאַנצע וועלט".

וואָס זאָל איך אײַך דערציילן? אַ נס, וואָס דאָס נײַען די שטיוועלעך האָט נאָר געדויערט 8 טעג. כוועדאַר האָט אַלע טאָג אויסגעקלערט עפּעס אַנדערש. אַט האָט אינגאַנצן פֿאַרפֿעלט דער סקריפּ בײַ אונדז אין שטעטל, און ער, כוועדאַר, האָט געמוזט פֿאָרן ערגעץ ווײַט, און דאָס האָט באַדאַרפֿט קאָסטן: שטרודל און פֿײַנקוכן, און אַפֿילו האָניקלעקעך. איך האָב אַלץ געטראָגן.

יעדן פֿרימאָרגן איז מיר דאָס האַרץ אַרויסגעפֿאַלן. וואָס וועל איך הײַנט דאַרפֿן ברענגען? מײַן מאַמע האָט אויך עפּעס אָנגעהויבן צו באַמערקן. אַט שיט זי אָן אַ פּושקע צוקער און אַט ווערט זי כמעט ליידיק. איך ווייס נישט מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געענדיקט, ווען פּלוצלינג, גאָר אומגעריכט עפֿנט זיך די טיר און עס קומט אַרײַן ר' מאַנעס מיט אַ פּאָר שײנע, פֿאַרטיקע שטיוועלעך. „די בעסטע שאַוראָווע שטיוועלעך!" אַזוי ווענדעט זיך ר' מאַנעס צו מײַן מאַמען. איך כאַפּ אַרויס די שטיוועלעך און אַזוי ווי זיי זײַנען פֿאַרשנירעוועט, גיב איך אַ רוק אַרײַן די פֿיס, בכדי וואָס גיכער זען „וואָס הערט זיך מיטן סקריפּ". ר' מאַנעס בלײַבט שטיין אַביסל צעמישט. ווײַזט אויס, אַליין געזען, אַז ער האָט אַביסל איבערגעכאַפּט די מאָס. אָבער מײַן מאַמע באַרואיקט אים דווקא. „ס'מאַכט נישט אויס, ר'מאַנעס, אַבי נישט צו קליין". מיר וועלן אַרײַנלייגן אַ וויסט-

יעלקע. און ר׳ מאַנעס שניידט שוין אויס פון אַ מאָול 2 ווינסטיעל־קעס, מיין מאַמע ברענגט אַ וואָלן זעקל. דעם גאז פון שטיוול שטופט מען אן מיט שמאַטעס, מ׳לייגט אַריין די ווינסטיעלקע און דאָס שטיוועלע לייגט זיך אויס אויפן פיס, ווי אויסגעגאָסן. איך הויב אן גיין, עס סקריפּעט, נישט אַזוי ווי איך האָב דער־וואַרט. נאָר ר׳ מאַנעס פאַרזיכערט מיך, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל עס איז פייכט. עס וועט נאָר אַביסל צוטריקענען, וועט דאָס פאַרסקריפּען אַ וועלט. מיין מאַמע באַצאָלט און ר׳ מאַנעס גייט אַוועק.

„יעצט — זאָגט מיין מאַמע, — קום, מיר וועלן גיין קויפן קאַלאָשן. קוים איינהאַלטנדיק זיך פון שפּרינגען פאַר פרייד, בין איך, מיט די שטיוועלעך אין די הענט אַוועק מיט מיין מאַמען אין קראָם. קומענדיק אין קראָם, האָט מען מיר אנגעטון די שיך און אנגעהויבן מעסטן קאַלאָשן. מיין מאַמע, געטריי אירע פּרינ־ציפּן, הייסט באַלד געבן אַביסעלע גרעסערע.

„גאָט איז מיט אייך, חיה׳לע, — בעט זיך די קרעמערקע, ס׳איז דאָך שוין אַ נומער פאַר אַ גרויסן מענטש!“

מיין מאַמע גיט אויף איר אַ קוק מיט רוגזה, ווי איינער רעדט: זאָלסט דיר אין די אויגן, וואָס דאַרפסטו מעסטן מיין קינדס פיסל?

איך דערווייל האָב שוין געפונען אַרבעט ווייזט זיך גאַר אויס, אַז די קאַלאָשן גלאַנצן אַזוי, אַז מען קען זיך אין זיי שפּיגלען פונקט ווי אין אונדזער סטיר. הייגט מאַך איך באַלד אַ דערפינ־דונג: אַז מען גיט אַ הויך אויף די קאַלאָשן, קען מען אויף זיי דערנאָך שרייבן, וואָס מען וויל. מענטשלעך, פערדלעך און הינט־לעך. האָב איך טאַקע געהאַלטן אין איין כוכען און שרייבן, כוכען און שרייבן ביז די קלייטלערן האָט דערזען און ביי מיר די קאַ־לאָשן צוגענומען.

צוריקוועגס, האָב איך שוין געטראָגן די שטיוועלעך אַריינ־געשטעקט אין אַ פּאָר טיפע, גלאַנצעדיקע קאַלאָשן. אויפן וועג האָבן אפילו די שטיוועלעך געפרווט אַרויס פון די קאַלאָשן.

אָבער מיין מאַמע האָט אויף מיר אָנגעשריען, אַז זי נעמט זיי באַלד בײַ מיר צו און איך האָב זי שוין פּאָרזיכטיקער געטראָגן אונטערהאַלטענדיק די פֿאַדעשווע. קומענדיק אַהיים, ווײַל איך זיי באַלד אָנטון, אָבער מיין מאַמע נעמט בײַ מיר צו און פֿאַרשליסט אין שאַפֿע. „משוגע מיינע שונאים" — זאָגט זי — „ווער באַנייט אַ זאַך פֿאַר יום טוב? איה"ש ראש השנה וועסטו באַנייען די שטיוועלעך מיט די קאַלאָשן."

קוים דערלעבט יום־טוב און אַזוי ווי להכעיס, שטעלן זיך אַוועק אַזעלכע שיינע, ליכטיקע טעג! זומער און שוין. אַ העלע זון שיינט און לאַכט זיך אויס פֿון מיר מיט מיינע טיפֿע קאַלאָשן. דערפֿאַר אָבער האָבן זיך די שטיוועלעך פֿון לאַנג ליגן גאָר שיין צעסקריפּעט. אָבער פֿון די קאַלאָשן אָנטון האָט מיין מאַמע נישט געוואָלט הערן. וויפֿיל איך האָב נישט געטענהט, אַז דווקא יעצט, דווקא זומער איז די צייט אויף אָנטון נייע קאַלאָשן. אַז ווען דען טוט מען זיי אָן, ווינטער? אין אַ בלאָטע אויף אויסשמירן? אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפֿן.

„איה"ש חנוכה, זאָגט מיין מאַמע, וועסטו באַנייען די קאַלאָשן און גיין צו דער מומע שרה נאָך חנוכה געלט".

מ'זאָגט, אַז מ'לעבט, דערלעבט מען זיך.

אויך איך האָב דערלעבט דעם טאָג. שוין פֿון גאַנץ פֿרי האָב איך געוווּסט, היינט טו איך אָן מיינע נייע שטיוועלעך מיט די יפֿע קאַלאָשן. קוים זיך דערוואַרט אָפּצועסן מיטאָג, שליסט מיין מאַמע אויף די שאַפֿע נעמט צוערשט אַרויס די שטיוועלעך, די וואָלענע זעקלעך, דערנאָך שטעלט מיין מאַמע אַוועק די קאַלאָשן. אַלע שטייען אַרום און קוקן. איך גיי גלייך אַריין אין די קאַלאָשן, ווײַל געבן אַ שפּאַן, הייב אויף די פֿיס גיט זיך דאָס שטיוועלע אַרויס און דער קאַלאָש בלייבט שטיין ווי אַ דיבוק. „אומגעלומפּערט, זאָגט מיין מאַמע, ווי קויפֿט מען דאָס פֿאַר אַ קינד אַזעלכע גרויסע קאַלאָשן? אָבער מיין מאַמע געפֿינט זיך באַלד. „קיין שלעכטס, באַרואיקט זי אַלע, מ'קען אַריינלייגן אַ ווישטיעלקע". און טאַקע באַלד נעמט זי אַרויס שוין פֿון פֿריער

צוגעגרייטע, קאַרטאַנענע וויסטיעלקעס, לייגט אַריין אין קאַלאָש, מ'שטופּט נאָך אַריין אַביסל פּאַפּיר, און דאָס שטיוועלע גייט מאַיעסטעטיש אַריין און בלייבט אין קאַלאָש. מ'טוט מיך אָן, מ'פֿאַרבינדט מיר דעם קאָפּ מיט אַ טיכל, און איך גיי אַרויס. איך גיי צו דער מומע שרה, און צו דער מומע ביילע נאָך חנוכה געלט. אַלע קוקן מיר נאָך. „זע נאָר למעה"ש פּאַמעלעך זאָלסטו גיין", — שרייט מיר נאָך מיין מאַמע איך גיי אַרויס אין גאַס וואַרעמט די זון, די בלאָטע איז צוגעפֿרוירן, אַ דינער אייז בלאַסקעט. מיינע קאַלאָשן צעשיינען זיך אַזוי, אַז ס'פֿאַרבלענדט ממש די אויגן.

„יעצט דאַרף מען זיין פֿאָרזיכטיק — רעד איך צו זיך אַליין". ערשטנס, נישט „גיין" נאָר „טשליאַפּן". די פֿוס אויפֿהייבן טאָר מען נישט, ווייל דער קאַלאָש, פֿיל איך שוין, כאָטש מיט דעם פּאַפּיר און מיט דער וויסטעלקע — האָט ווידער חשק בלייבן שטיין, און לאָזן דאָס שטיוועלע אַליין גיין. איך פֿויל זיך נישט, בויג זיך אַלע מאָל איין און צי דעם קאַלאָש אַרויף. אָבער קוים גיב איך נאָר אַ טריט, רוקט זיך דאָס שטיוועלע אַרויס און דער קאַלאָש בלייבט רואיק שטיין.

איך באַשליס: אמבעסטן איז צו גיין איינגעבויגן און צוהאַלטן דעם קאַלאָש מיט דער האַנט.

„הער נאָר דו! וואָס גייסטו עפּעס מיט די הענט? און וואָס פֿאַרשטעלסטו דעם וועג?" אַזוי ווענדעט זיך צו מיר עפּעס אַ בחור, אַ לאַבוז. „אפשר וואלסטו געלאָזט עמעצן אַדורך גיין?"

איך וויל אים אָפּטרעטן דעם וועג מאַך אַ טריט אין דער זייט, און גיי אַרויף פּונקט אויף אַ בליאַסקענדיק שטיקל אייז. דאָס אייז צעקנאַקט זיך גיט און עפֿן אויף אַ מויל, און אַ שפּריץ מיר אָפּ מיינע צוויי נייע, גלאַנצענדיקע קאַלאָשן. איך בייג זיך איין, פּרוּוו אָפּווישן, צעשמירט זיך די בלאָטע נאָך ערגער. טונק איך איין דעם פֿינגער אין מויל און פּרוּוו אָפּווישן. אַ נעכטיקער טאָג. עס גייט נישט. הייב איך אויף מיין קליידעלע אין רייב די בלאָטע מיט אַלע כחות. איך רייב מיט דער אינטערשטער זייט

פון דעם אויבערשטען קליידעלע דערנאך מיט דעם אונטער רעקל. איך נעץ אַלע מאָל דעם פינגער אין מויל וואַש און וויש רייב דעם קאַלאָש אָבער ס'העלפט נישט. אַוועק דער גלאַנץ מיט וועלכען איך האָב געוואָלט אסתר'קע דער מומע ביילעס איבעראַשן.

ווען איך בין אַ שמוציקע און אויסגעשמירטע געקומען צו דער מומע שרה, האָט זי אַזש מיט די הענט פאַרבראָכן. „גאָט איז מיט דיר, קינד, ווו האסטו זיך אַזוי אויסגעשמירט?“ — האָט זי אויסגעשריגן. יעצט ווייזט זיך אַרויס, אַז, שטופנדיק דעם פינגער אין מויל אַריין וואשנדיק די קאַלאשן האָב איך זיך אַביסל אויסגעשמירט. אַ טייערע מציאה! זאָל זי פרווון, די מומע שרה אנטון אין ווינטער, אין אַ בלאָטע אַ פּאָר גייע קאַלאָשן, וואָס פּאַסן וועלן זיי איר איה"ש איבער אַ יאר און מיט זיי צו גיין, וועט זי זען.

מ'האָט מיך אָפּגעוואַשן, געגעבן עסן, אַריינגעלייגט אין דער האַנט חנכה געלט, און מיך אַרויסגעלאָזט צוריק. „נאָר זע, למע"ה, פּאמעלעך, ווי דו וועסט גיין!“ שרייט מיר נאך מיין מומע. אַלע זיינען זיי קלוגע! פּאמעלעך, ווי דו וועסט גיין. „ערשטנס, טאר מען נישט גיין, נאר טאשליאפּען. צווייטנס, דאַרף מען אויסמיידן אַ בלאָטע און דער עיקר נישט אויפהויבן די פיס. אוודאי, טראַכט איך די אייגענע קאַלאָשן, ווען מען וואָלט מיר זיי נעגעבן אנטון זומער, וואָלט אודאי בעסער געווען. נאר פונדעסט־וועגן איז יעצט אויך נישקשה. נישט מער מ'דאַרף זיין פאָר־זיכטיק. אָבער סארא טייערער יום־טוב עס איז חנוכה! אַלע גוטע זאַכן מאַכט מען אויף חנוכה. „לאַטקעס־חנוכה, גריוון־חנוכה, היינט דאס חנוכה־געלט. פון דער מומע ביילע האָב איך באַקומען אַ גאַנץ האַלב קערבל. און די מומע שרה גיט כסדר אַ רובל. היינט דער פעטער חיים און די מומע לאה! איך פיל ווי דאס האַרץ וואַקסט מיר פאַר פרייד. איך שפּרינג אַביסל צו אויף איין פוס און עס איז מיר אַזוי גוט און לייכט אויפן האַרצן... און

אויף... די פּיס. איך קוק אַראָפּ „געוואַלט! ווּ זיינען מיינע קאַלאָשן! מיט מיינע נייע שטיוועלעך שטיי איך אין אַ גרויסער, געדיכטער בלאָטע. און דאָרט זענען מיינע קאַלאָשן ערגעץ געבליבן. איך הויב אָן לויפן, זוכן און דערזע, דאָרט ערגעץ אין אַ טיפער קאַליוזשע שטעקט אַרויס אַ שפּיץ פון מיין קאַלאָש. איך שטרענג זיך אָן, שלעפּ אים קוים אַרויס נאָר ווי מיר, ווי ער זעט אויס! נישט קיין קאַלאָש נאָר אַ צונויפגעקוועטשטע שטיק בלאָטע. און ווּ איז דער צווייטער? פאַרצווייפלט בּרעך איך אויס אין אַ יאָמערלעך געוויין. ס׳קלייבן זיך צונויף מענטשן, מ׳הויבט אָן פרעגן: ווער איז דאָס קינד? אַ קינד פאַרבלאָנדזשעט אין דער בלאָטע און קען נישט אַרויס. איך שטיי. אין איין האַנט האַלט איך מיין טיפן קאַלאָש פון וועלכן ס׳רינט דאָס וואַסער און אין דער צווייטער האַנט האַלט איך פאַרקוועטשט דער מומע שרה׳ס חנוכה געלט און וויין, וויין אויף מיין גרויסן אומגליק.

און פּלוצלינג שטופּט זיך דורך עפּעס אַ פרוי דורך דעם גאַנצן עולם, „לאָזט נאָר מיך, לאָזט נאָר מענטשן, איך ווייס ווער דאָס איז. דאָס איז דאָך חיה׳לע זעליקס בת־יחידה. שאַ, שאַ מיידעלע, וויין נישט. מיר וועלן אַלץ באַלד געפינען. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? עפּעס אַ מלאך נישט קיין מענטש איז געווען די פרוי, אין איין מינוט האָט זי געפונען מיין צווייטן קאַלאָש, צוגענומען ביי מיר ביידע, זיי אויסגערייניקט, מיך אַרויסגעפירט פון דער בלאָטע אַוועקגעפירט אַ היים און דער עיקר באַלד געפונען, ווי מיך צו פאַרענטפערן פאַר מיין מאַמען. אַריינקומענדיק צו אונז איז זי באַלד אָנגעפאַלן אויף מיין מאַמען: „וואָס הייסט! ווער לאָזט אַרויס אַ קינד אַזוי פאַרפּוצט, מיט נייע שטיוועלעך און נייע גלאַנצענדיקע קאַלאָשן?! מ׳האָט גענעבן דעם קינד אַ

„גוט אויג“.

דערהערט אַ „גוט אויג“, ווערט מײַן מאַמע פֿאַרציטערט. ווער קאַלאָשן וואָס קאַלאָשן. זי האָט מיר באַלד אנגעהויבן טאַפּן דעב שטערן. צו האָב איך נישט קיין היץ. ווײ איז מיר, האָט באַלד מײַן מאַמע דערזען. דאָס קינד איז „וואַרעם“, וואָס טוט מען? אָבער מײַן מלאך האָט זיך אויך דאָ געפֿונען.

„קיין שלעכטס, חנה׳לע, באַרויִקט זי מײַן מאַמע, לייגט זי נאָר אַרײַן אין בעט זי זאָל זיך אויפֿוואַרעמען, און שיקט אָפּ־שפּרעכן אַ „גוט אויג“.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום, בין איך שוין געלעגן אין בעט אויסגעטוּן, ריין אָפּגעוואַשן. נעבן מיר אויף אַ שטול איז געשטאַ־נען מיט מײַנע ליבסטע וואַרעניעס מיט אַ שטיק האָניק־לעקעך, מיט שטרודל. אַרום דעם בעט זענען געשטאַנען עטלעכע שכנות, ווײַבער. אַלע האָבן אויף מיר געבלאָזן געשפּיגן און געגענעצט. אַ „גוט אויג“ — חנה׳לע, אַ שטאַרק „גוט־אויג“ האָבן זיי צווישן איין גענעץ און אַנדערן גערעדט. אייגנטלעך גאָרנישט אַזאַ שלעכטע זאַך, אַ גוט אויג, ס׳טוט גאָרנישט ווײ מ׳גיט אפילו נישט קיין ריצין־אייל. פֿאַרקערט, מ׳גיט נאָך אַזעל־כע גוטע זאַכן!

די קאַלאָשן זענען אויך געשטאַנען ריין, אויסגעוואַשן. זיי האָבן אפילו געקוקט אויף מיר ברוגז: „וואָס הייסט? ווי אַזוי נעמט מען דאָס און מען קריכט אַרײַן אין אַזאַ בלאָטע, מיט אַ פּאָר נײַע גלאַנצענדיקע קאַלאָשן? אָבער איך האָב זיי באַרויִקט. „ווען מ׳הרגעט מיך, אויף ווײַטער טו איך זיי מער ניט אָן אין אַ בלאָטע. נאָר זומער, אַז די זון וועט שײַנען, האָב איך צו

מײַנע קאַלאָשן גערעדט, װעל איך אײַך אָנטון. אָבער מיט די שטיװעלער װאָס װעאַדמון. טאָמער הערן זײ אױף צו סקריפּען? װידער אָנהײבן מיט כװעדרען? װער װײסט װאָס ער װעט זיך הײסן יעצט באַצאָלן פאַר אַ נײעם סקריפּ? און פּלוצלינג פאַלט מיר אײַן אַ געדאַנק:

„אױ איך װײס שױן װאָס צוטון! װאָס אים געבן! איך װעל אים געבן אַ גוט אױג!“. און אַ באַרואיקטע, אַ צופרידענע בין איך רואיק אײַנגעשלאָפן.



# מיין „אַמאָל“

דער בעסטער, דער אָנגענעמסטער און פון מיר דער באַליבסטער יום־טוב, איז געווען כסדר דער פרילינגס יום־טוב פסח. אַזוי שיין ווי מיר יידן פלעגן דעם יום־טוב פייערן, אַזוי פיל כבוד, וויפיל מיר פלעגן דעם באַפרייאונגס יום־טוב אָפּגעבן. אַזוי שיין, ווי מיר פלעגן אים אויסצייכענען פון אלע יום־טובים און פון אלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר, האָבן נאָר געקענט טון מענטשן, וועלכע האָבן אַזוי פיל גרויליקייטן, דערנידערונגען און שקלאַפעריי איבערגעלעבט און וועלכע האָבן אַזוי שטארק ליב דאס לעבן און פרייהייט.

שוין די ערשטע צוגרייטונג צו דעם יום־טוב פסח זענען עפּעס אין גאנצן אנדערש. עפּעס אזוי, ווי ער אליין, דער יום־טוב, וואָלט זיך ספּעציעל אויסגעטיילט פון די אלע אנדערע ימים־טובים, זיך אָפּגעזונדערט און אייגנארטיק זיך אויסגעצייכנט.

געשטעמפּלט איז דער וויין. געשטעמפּלט דאס עסן „כשר לפּסח“. אויך דאס געשיר איז אנדערש — ניי. אפילו דאס ברויט דאס אלטעגלעכע, וואָס דאכט זיך שוין, אַז מען קען עס

מיט גאָרנישט פאַרבײַטן, איז דאָס אויך אַנדערש. ווײַסע, יום־טובדיקע מצות, וואָס עסן זיך ווי קוכן און צעגייען אין מויל.

און אַ צײַט האָט דער יום־טוב אויסגעקליבן! די שענסטע אין די בעסטע צײַט פון יאָר. אָנהויב פרילינג! ווען די זון אַן אויסגעוואַשענע, אַ פריילעכע קוקט אַרײַן און באַלויכט יעדעם ווינקעלע, יעדע זאַך. דאָ גיט זי אַ בליאַסק מיט אַ שטראַל, אַ גלעט און אַ קוש. דאָ אַ וואַרעם צו.

און ווי אונטער דער ווירקונג פון אַ צויבער שטעקעלע צעשמייכלען זיך די פּיסקעלעך פון קליינע צווייגעלעך און הייבן אָן אַרויסלאָזן דינענקע, שוואַכענקע, גרינע בלעטעלעך, מיט קווייטעלעך מיט שוואַכענקע גרייזעלעך.

און עס צעעפענען זיך טויערן און פענסטער. יעדעם באַשעפעניש, אַלץ וואָס לעבט ציט זיך גיריק אַנטקעגן צו כאַפּן אַ שטראַל, אַ גלעט פון דער ליבער זון.

און קליינע קינדערלעך, מיט נאַקעטע פיסלעך. און גאָר קליינע אין די וויגעלעך. און עלטערע מענטשן אין שוין צעשפּילעטע, זומערדיקע מאַנטלען. אַלץ גייט אַקעגן דעם טײַערן גאַסט, דעם פרילינג און . . . אַקעגן אונזער שיינעם יום־טוב פסח.

אוי, האָב איך אים ליב געהאַט, דעם פרילינג און דעם פסח. איך פלעג גאָרנישט וויסן, צי פריער גיין דעם פרילינג אַנטקעגן, די זון מקבל פּנים זײַן, צי דעם פּסח ווי געהעריס, ווי דעם שענסטן גאַסט אויפנעמען. בין איך אָבער פון די גליקלעכע געווען. איך האָב אַ מאַמע געהאַט. איז פלעג איך איר אײַנגאַנצן דעם רודער אין די הענט איבערגעבן.

אליין פלעג איך גיין און גיין און זיך נישט געקענט אָנזעטן.
לופט, זון, האָפנונג. אלץ האָב איך איינגעאָטעמט און איינגע־
שלונגען אין זיך.

צוויי וואָכן פאר פסח האָט מיין מאַמע שוין נישט גערוט
און מיט איר אונזער שטוב מיידל, גיטל און מיט זיי דאס
גאנצע הויז. צוויי וואָכן פאר פסח האָבן די מצות שוין באַ־
דארפט זיין אין שטוב. און אינאיינעם מיט זיי איז גלייך אריין
אויך דער געשמאקער ריח פון די פארברוינטע שמעקעדיקע
פרישע מצות. דערנאָך האָט מען באַדארפט 4 מאָל טעגלעך
דעם גרויסן אינדיק האָדעווען, אייער קויפן, בוריקעס „שטעלן",
רויטע און זיסע. אלץ האָט באַדארפט זיין צוגעגרייט אַזוי, אַז
מען זאָל קענען דעם גאנצן יום־טוב פון יעדע זאָרג פריי זיין.
נישט קיין פרנסה דאגות, נישט קיין עסן דאגות. אלץ האָט
באַדארפט זיין צוגעגרייט פאר גאנצע אכט טעג. און וואָס
נאָענטער דער יום־טוב אלץ גערוועזער און פולער דערוואַר־
טונג ווערט מיין מאַמע און מיט איר די גאנצע שטוב. מען
וואַשט די קרעדענסן, די שאַפעס. ספּעציעל וואַשט מען זיי 3
מאָל מיט זאמד און וואַסער און דערנאָך כשרט מען מיט אַ
כשרן שטיין. דערנאָך לייגט מען אריין דאס גלאָז אויף דריי
טעג אין וואַסער.

איך ווייס נישט ווי ווער, נאָר נאָך היינט דערמאָנט ער
זיך מיר און איך פיל אים, דעם זויבערן ריח פון די אויסגע־
וואַשענע קרעדענסן, פון דעם שימערירנדיקן, זויבערן גלאָז.
און ווייטער כשרן זיך דער אויוון און די אייוועלעך. זיי ווערן
ספּעציעל געקאַלעכט און געפארבט. ביז ס'קומט דער ערב
פסח'דיקער טאג מיט די לעצטע פארברייטונגען.

די לעצטע ברעקעלעך שארט מיין מאַמע מיט דעם פלע=
דערוויש אין קאָכלעפל אריין. מער טאָר קיין ברעקל חמץ אין
שטוב זיך נישט געפונען. מ'גייט דאס פסחדיקע געפעס אין
שאפע ווו ער שטייט א גאנץ יאָר פארשלאָסן, אָן אויסגעפוצטער,
אָן אויסגעוואַשענער, אין דעם זויבערן קרעד'ענס און באַפוצט
אים מיט חנעוודיקע, אויסגעפארבטע בלימעלעך און מיט דער
גאָלדענער ראַם. אויף דער צווייטער זייט פינקלט און שימע=
רירט דאס אויסגעפוצטע גלאז און דאן ערשט קומט ארויס
פון קעלער דאס אמתדיקע „פסחדיקע געפעס". אלע שטעלן
זיך ארום. יעדע ארויסגענומענע זאך באַגעגנט מען, ווי אַ טייערן,
באַליבטן פריינט.

אָט גייט ארויס די „געלע שיסל", מיט צוויי אויערן „נאָך
דעם זיידנס" זאָגט מיין מאַמע מיט גדלות. נאָך דער שיסל
קומט דער שיינער סדר=טעלער, מיט די אויסגעמאָלטע פיש
און פויגל, מיט די אותיות, וואָס ווייזן ווי אַ וואַנדערן דעם וועג.
אָט דאָ איז פאר כרוסיות, און דאָ איז פאר מרור. דערנאָך
גייען אלטע, שטיינערנע, שווערע טעלער „דאס איז דעם טאַטנס"
ער פלעגט עסן שמירה. און דער טעלער איז נאָך אַ ירושה פון
דער עלטער באָבע. יעדער זאך ווערט באַוווּנדערט און באַ=
טראכט און פאָרזיכטיק מיט יראת הכבוד אוועקגעשטעלט. אלע
ווארטן מיט אומגעדולד.

יעצט קומט די גרעסטע אטראקציע פון דעם יום=טוב. די
אלערליי כוסות. יעדער האָט זיך זיין כוס שוין יאָרן לאנג.
און מיט פרייליכע אויסגעשרייען באַגעגנט מען יעדעם ארויס=
געצויגן גלעזל. דער גרעסטער און שענסטער כוס איז אליהו
הנביאס כוס. דערנאָך גייט מיין טאַטנס כוס, מיינע ברידערס

און שוועסטערס. מיין ברודער אהרון האָט אַ הויך גלעזל, אַ גרינס פון גראָב גלאז, מיט אַ הויך פיסל. מיין שוועסטער סאָניע אַ קליין גלעזעלע מיט ראָזע בלימעלעך. מיינס איז ווי מיין שוועסטערס, נאָר ווייס. דאן קומט דאס קליינע גלעזעלע פון מיין ברודער פיגיעלע!

טייערע מיינע! אויף אלע עקן וועלט האָט אונז דער גורל צעווייט און צעשפּרייט. וועלן מיר זיך נאָך אמאָל צוזאמען טרעפן, זען?

אָבער כל זמן מיר האָבן אַ היים געהאט, כל זמן מיר האָבן פּסח געמאכט און מיין מאַמע האָט געלעבט, זענען כסדר מיינע שוועסטערס און ברידערס כוסות אָנגעפילט געווען מיט וויין און אויפן סדר טיש געשטאנען, ווי זיי וואָלטן געוואַרט. אפשר וועט זיך פאָרט די טיר עפענען און זיי וועלן אריינקומען, די טייערע געסט.

און ווי מיוחסים שטעלן זיך ארום די אלטע טעלער און שיסלען ארום דעם מאָדערנעם, געגאָלדעטן סערוויס און געבן צו אונזער אויסגעפּוצטן קרעדענס דאס לעצטע, וואָס האָט אים נאָך געפעלט — דעם מאַיעסטעטישן, אמת פּסחדיקן אויסזען.

און איין פריילעכע דערשיינונג קומט נאָך דער אנדערער. אָט קומט ארויס דער פּסחדיקער סערוועט. דער בלויער, זיידע־נער, מיט די זילבערנע בלעטער, צוגעפּאַסט צו דער פארב פון די ווענט און צו דעם לאָמפּ איבערן טיש.

„אַ דאנקען גאָט, אָטעמט אָפּ מיין מאמע, שוין דאָ דער פּסח אין שטוב". זי טוט זיך איינגאנצן איבער אין ווייסן. מען דארף אין קיך אריינגיין. קאָכן, באַקן. איך גיי פון איין צימער אין צווייטן. די פענסטער זענען אָפן. ווייסע שטייפע גארדינען באַוועגן זיך פּאַמעלעך, פון דעם וואַרעמען ווינטל אין דרויסן.

די זון האָט זיך איינגאנצן אין שטוב אריינגעריסן, און שפּיגלט זיך אָפּ אין די לאָמפּן און אין די שפּיגלען. איך קוק ארויס דורכן פענסטער. אַזוי פיל מענטשן אין דרויסן! פריינט, באַ־קאנטע. מ׳שמייכלט, מ׳כאַפּט אַ שמועס.

ענדלעך קומט ער, דער פייערלעכער אָוונט, דער סדר־אָוונט. איך און מיין מאַן פייערן אים שוין נישט אַזוי פּינקטלעך, נאָר מיין מאמע מיט מיינע צוויי קליינע מיידעלעך „פּראוועון סדר". איך מיט מיין מאַן זענען נאָר צוהעלפער צום גוטן עסן. מיר וואַרטן טאקע מיט אומגעדולד, ביז מיין מאמע וועט אלעס „אָפּזאָגן" און אָפּעסן דעם מרור מיט די כרוסיות, צו די הארטע אייער, מיט דעם זאלץ וואַסער, גייען מיר שוין צו ווי גלייכע שותפים.

און ס׳באַווייזן זיך אויפן טיש די געשמאקע פּסחדיקע פיש מיט דעם רויטן חריין. די פעטע יויך מיט קניידלעך פון מצה מעל, דערנאָך קומט דער אינדיק און דער פּסחדיקער קאָמפּאָט. צום סוף טרינקט מען געשמאקע טיי מיט ציטרין און מיט וויינן, שמעקעדיקן לעקעך, מיט ניס און פיסטאשקעס, עפּל און פּאָמעראנצן.

און מ׳זיצט ביים סדר ביז שפּעט אין אָוונט. דאן גייען מיינע צוויי קליינע קינדער שלאָפן. מיין מאָמע בלייבט אליין פארענדיקן דעם סדר. מיר גייען אביסל צוגאסט. מיר גייען צו אונזער פריינט ד״ר שווידקי.

ד״ר שווידקים פאָטער איז אמאָל געווען אַ חזן. איז אי ער אי זיינע צוויי זין זינגען זייער שיין. איבערהויפּט דער יינגערער, דער 18 יאָריקער, אומעטום באַליבטער „סאָלאָוויעי", פּאָסיעלע שווידקי. ווייט ארום איז ער שוין באַרימט מיט זיינע ארויס־טרעטונגען און קאָנצערטן. דער צווייטער יוסף שמידט. אַזוי

פלעגט מען פון אים רעדן, און ווי ער זינגט נאָר נייט מען אים הערן פון דער גאנצער שטאָט. אויך יעצט „פראַוועט“ מען דאָרט דעם סדר, ביי ד״ר שווידקי. די שטוב איז פול מיט געסט. אויך דרויסן, אונטער די פענסטער שטייט אַ גרויסער עולם און הערט זיך מיט פארגעניגן צו.

שוין לאנג האָט זיך דער סדר געענדיקט. שוין לאנג האָט מען גאָט אַלע קשיות געפרעגט. אפילו דאס ווונדערבאר שיינע מעשה׳לע מיט דעם „ציגעלע״, וואָס דער טאטע האָט פאר צוויי גראָשן געקויפט איז שוין דערציילט און באַזונגען געוואָרן. אין אַ הערלעכן קאָנצערט האָט זיך דער סדר פארוואַנדלט. און סגייען איינס נאָכן אנדערן די שענסטע אריעס פון אָפּערעס, יידישע לידלעך ערנסטע און פריילעכע. פאסיעלע, דער „סאלא־וויעי״, דיריגירט מיטן עולם און אויך אויפן גאס, אונטערן פענסטער זענען אַלע מיטגעריסן געוואָרן און העלפן זינגען. די פענסטער זענען אָפן. אַ ווארעמע פרילינגס־נאכט קוקט אריין און זאָגט אָן אַ שיינעם ליכטיקן מאָרגן. שוין גענוג שפעט, אָבער דעם עולם ווילט זיך נישט אוועקגיין.

מ׳טרינקט ווידער וויין, מ׳עסט נים, מ׳העלפט אונטער מיט אַלערליי לידלעך און ניגונים און מ׳ווינטשט זיך „לשנה הבאה בירושלים״. פאסיעלעס מאמע, אַ גליקלעכע, אַ צופרידענע האלט אין איין מכבד זיין. און האלב אין שפּאַס, האלב ערנסט טיילט זי בילעטן אויף די גרויסע קאָנצערטן פון איר זון. לאכנדיק פאנטאזירט זי, ווי זי וועט זיצן אין דער לאָזשע און אַלע מענטשן וועלן אויף איר מיט די פינגער אָנווייזן און זיך שושקען: „דאס איז זי, די מאַמע פון דעם גרויסן זינגער, דעם באַוווסטן „פאסיעלע שווידקי״.

— — — — — — — —

יאָ, דאס איז די מאַמע פון דעם גרויסן זינגער, דעם באַ־
ווּסטן פּאסיעליע שווידקי. מען האָט זי געזען און דערקענט.
מיט אירע צוויי זין אין בײדע זײַטן איז זי געגאנגען אין אַ
שיינעם פרילינגס־טאג, אין אונזער באַפרייאונגס יום־טוב גע־
גאנגען זאָלבעדריט צום טויט. געגאנגען דעם לעצטן וועג זייערן,
אין דער גרויסער מחנה מענטשן פון מיין שטאָט פון מיין ליב־
טיקן „אמאָל״.

מיין אמאָל, ווּ ביסטוּ, ווי האָסטו געקענט אַזוי מיטן
וואָרצל פארניכטעט און אויסגעריסן ווערן? צי אפשר לעב איך
גאָר אין אַ ווילדן טעות? ביסטו גאָר אינגאנצן נישט געווען?
אָבער דאס הארץ שרייט און וויינט. ניין, נישט משוגע בין איך,
ביסט געווען. אַזוי... פונקט אַזוי, ווי איך האָב דיך געמאָלט,
ווי איך זע דיר נאָך יעצט אין מיינע בעסטע חלומות. דוּ
ביסט געווען, מיין לעבן, מיין פארשווּנדנס און איר מיינע
טייערסטע און דוּ מיין שטאָט, מיין היים. מיין „אמאָל״, ביסט
געווען!...



